צווייטע אויפלאַגע.

# אמעריקא

## זאמעלבוך

רעדאקטירט פון

## דר. י. ווארטסמאנן

פרייז 15 סענט.


פערלאג: „נאציאנאלע ביבליאטהעק"

נויארק 1909.


**"AMERICA"**

MAGAZINE

EDITED BY

DR. CHARLES WORTSMAN, NEW YORK.

* * *

אונטערן נאָמען „אמעריקא“ זאָלען פון צייט צו צייט ער־שיינען אונפּאַרטייאישע זאמעל ביכלעך אין וועלכע עס וועלען מיטאַרבייטען בלויז אמעריקאניש־יודישע שריפטשטעלער.

אונזערע אמעריקאניש־יודישע שריפטשטעלער וועלען, ווי מיר האָפען, דאָס בעסטע וואָס זיי קענען שאַפען, דרוקען אין די זאמעלביכלעך „אמעריקא“, די לעזער וועלען בעקומען גוטע, ריינע ליטעראַטור און אונזערע ברידער פון יענער זייט ים וועלען דורך דיעזע אויסגאַבען זיך קענען מאַכען אַ בעגריף פון אונזערע לי־טעראַרישע קרעפטען און זיך בעקענען מיט דעם היגען לעבען און שטרעבען.

פערלאַג: „נאַציאָנאלע ביבליאָטהעק“.

# אמעריקא

## זאמעלבוך

רעדאקטירט פון

דר. י. ווארטסמאנן

ערשטעס בוך

פערלאג: „נאציאנאלע ביבליאטהעק“

נויארק 1909.

# אינהאלט:

# שיקזאל

אליין אויף ווייטע ימים,
א וואנדער פויגעל פליהט,
און דורך דעם אויר־מדבר,
צום ווייטען אינזעל ציהט...

וואָס וויים דער וואנדער־פויגעל,
ווען ער אין וואָלקען שוועבט,
פון ביסעל זאַמד וואָס האָט זיך,
אין פיסעל איהם פארקלעפּט?..

אין ברוינעם זאַמד פארבאָרגען,
אַ קערען איז פאַראַן,
און שמוגעלט זיך אַריבער
דעם ברייטען אָקעאַן...

דורך ווינד און שטורם פלאַטערט
דער קליינער פּיאָנער,
דעם קערען'ס גורל וואקעלט
אין רוים זיך הין און הער...

דער בראַווער וואנדער־פויגעל
געפינט זיין אינזעל אוים,
דאָרט בויט ער אין אַ פעלז־שפּאַלט
זיין ארעם עלענד הויז.

און לעבט זיין איינזאם לעבען,
און אָהן אַ שפּור פארגעהט...
דאָך לויז־געברעקעלט האָט זיך
דער א ו ר ח שטילערהייד,

און זויגט מיט הונגער־חשק
די יונגע אינזעל־ערד —
און פון דעם קליינעם קערען
אַ וואלד אַ גרויסער ווערט...

דענווער, קאלא. יהואש.



# כלי-זמר און פּיעדעל

דער הימעל איז ליכטיג און ווארעם,
די ערד איז געווירציג און גרין;
עס פלאַטערט וואו ערגיץ אַ פויגעל,
עס זשומעט וואו ערגיץ אַ ביהן.

ס'איז פריהלינג, ס'איז פריהלינג — נשמה,
א פיעדעלע טייערעס שפיעל!
נו הויבט־זשע אָן סטרונעלעך, פרעהלעך,
מיט לעבען, מיט האַרץ, מיט געפיהל.

דאס פיעדעלע פאָלגט מיך, נור וועה מיר!
וואָס איז אַזוי טרויעריג באַנג?!
נשמה, וואָס איז פאַר אַ שפּיעלען?
וואָס איז דאס, ערקלער, פאַר אַ קלאַנג?..

דער הימעל איז לויטער און זוניג,
די ערד איז געווירציג און גרין,
טאָ וואָס האָט דיין אומעטיג שפיעלען,
נשמה, אַצינד פאַר אַ זינן?..

דאס פיעדעלע כליפּעט, און טענה'ט:
„צו וואָלט איך דיין וואונש ניט ערפיעלט?
צו האָבען אַמאָל מיינע סטרונעס
דערווידער דיין האַרצען געשפיעלט?“

נור איצטער, מיין מייסטער, אוי קען איך
ניט פאָלגען דעם דריק פון דיין האַנד,
דען איך האָב זיך איצטער, אָן עפּעס
אַ חלום, אַן אַלטען דערמאָנט.

איך האָב זיך דערמאָנט אין מיין היימאַט,
איך האָב זיך פערביינגט נאָך מיין שטאַם,
ערוואַכט האָט דאס היימווועה אין האַרצען
ביי מיר מיט אַ צעהרענדען פלאַם...

„מען האָט פון אַ זעלטזאַמער לאַנדשאַפט,
אַהער אין דער פרעמד מיך געבראַכט.
און סטרונעס אויף מיר אָנגעצויגען,
און מיך פאַר אַ פיעדעל געמאַכט“.

„און איצט, ווען עס בליהט און עס שימערט,
געהט אויף אין מיר ליכטיג אַ טרוים:
איך פיהל אונטער זיך ווי עס ציהען
זיך וואָרצלען ; מיר דאַכט כ'בין אַ בוים..."

„איך הער יענע היימעשע פויגעל, —
און אומעטיג ווערט מיר, און באַנג,
און וועה איז מיין יעדוועדער נאָטע,
אבלות מיין יעדוועדער קלאַנג".

דער הימעל איז יום־טוב'דיג, פרעהלאך,
די ערד איז געווירציג און גרין,
און טאַקי אַצינדערט ערשט פיהל איך,
ווי ווייט פון מיין היימאט איך בין...

יאָנקערס, נ. י. ה. רויזענבלאַט.



# אבענד-ליעדער

I

מיך לאקט דער ערשטער אבענד קלאַנג
אין ווייטען שטילען האַרץ געזאַנג...
איך האָב ביים ערשטען אבענד קלאַנג
צוערשט דערקאָנט מיין ליעבע־שלאַנג...

מיך לאקט דער ערשטער אבענד פלאַם
אין טונקעל־ווייטען שוים פון ים...
איך האָב ביים ערשטען אבענד פלאַם
צוערשט פארזוכט מיין ליעבע־סם...

II

איך קום דעם לעצטען זונען־שטראהל,
וואָס שטאַרבט אין בלויען רוים,
איך קום אין לעצטען זונען־שטראהל
דיין מיידעלש בילד — מיין טרוים...

איך קום אין לעצטען זונען־שטראהל
דעם פלאַקער פון דיין בליק,
דיין קוסען זיך, דיין שעמען זיך,
דיין שרעקען זיך — מיין גליק...

ברוקלין, נ. י. מאני לייב.

# פריהלינגס-ליעבע

גאָט האָט די טייכען אויפגעדעקט,
און אלע פויגלען אויפגעוועקט,
און אלע ווינטען אָבגעלאָזט,
און אלע בערגעלעך בעגראָזט.

און פרעהלעך שיינט דער זונען־שטראַהל,
און פרעהלעך רוישט דער וואַסער־פאַל,
און פרעהלעך זינגט די נאַכטיגאַל,
עס בליהט און בלימעלט איבעראַל.

דאס ליעבע־לעבען האָט ערוואַכט
און יעדעס מיידעל שטיפט און לאַכט,
און יעדעס הינטעל בילט און שפרינגט,
און יעדער בחור געהט און זינגט:
„אָ, קום צו מיר, געליעבטע מיין!
דו ביזט מיין טרייסט, מיין זונען־שיין,
קום לאָמיר געהן צום וואַלד אַרויס,
ווען ניט, מיין שאַץ, דאַן געה איך אויס“.

איך געה פארביי מיין ליעבסטעס טיהר,
איך בליק אריין דערזעה איך איהר:
די קעצעל האלט זי אויף די קניע
און זינגט: „מיין ליעבסטער וואָהנט ניט היע;
ער וואָהנט אין ווייטען ענגעלאַנד
און טראָגט דריי רינגען אויפ׳ן האַנד,
און טראָגט אַ זייגער און אַ קייט,
און עסען עסט ער ווייסע ברויט;
און קאַווע טרינקט ער מיטאג־צייט,
און לעבט ווי אַלע רייכע לייט“.

איהר אויג פערציהט זיך מיט אַ טרעהר,
זי קושט די קאַץ און זינגט ניט מעהר;
איך שיק מיין לעצטען בליק צו איהר,
מיין הארץ, מיין האַרץ געהט אויס אין מיר.

דאס ליעבע־לעבען האָט ערוואַכט,
און אלעס שטיפט, און אלעס לאכט,
איך איינער געה ארום און טראכט:
די ליעבע האָט מיך קראַנק געמאַכט
און מיר בעפעלט צו וואַנדערען —
מיין ליעבסטע ליעבט אַן אַנדערען!

ניו יאָרק. יוסף באַנק.



* * *

כ'וויל זיין לוסטיג. פלינק און פריי
ווי אַ פויגעלע אין מאַי,
ווי דער קלאָרער וואַסער־קוואַל,
ווי די ביהן ביים זונען־שטראַהל,
און פערפליהען דאָרט אַהין,
וואו די בלומען בליהען
און דאָס גראָז איז גרין;
וואו מיין ליעבסטער זיצט פער'חלום'ט
און פערטראַכט,
זינגענדיג די ליעדער זיינע
טאָג און נאַכט.

ניו יאָרק אידא האַימאָוויטש.



# צום פריינד

דו זעהסט, עס צאַנקט אַ ליכטעל קוים,
פערהאַלט דעם אָטהעם;
פערוועהען וועט אליין מיין טרוים,
ניט דו פערשפּאָט איהם!
שיט אויף אַ קבר ערד ניט מעהר,
שטעל אויך קיין טאָוועל;
ס'איז טראָגען טויד אַזוי שוין שווער —
ס'געדענקט אן אבל. —

ניו יאָרק י. בליכער.

# די אידיליע פון בית לחם

ווייסע שלענגעלדינע וועגען
מיט דעם זונען־שיין בעגאסען,
פיהרען צו די נערשטען־פעלדער,
צו די גאלד־בעפארבטע זאנגען.
ברוינע שניטערינס און שניטער
מיט די סערפען פלינק בעוועגען,
לוסטיג שניידען זיי די זאנגען
און צובינדען זיי אין גארבען —
און די שניטער־ ליעדער קלינגען,
קלינגען אפ פון אלע זייטען,
און די ע כ א ס פון דער ווייטען
שיקען גריסען פון יהודה —
און בענעימות׳דיג־בשיידען
ווי די ערשטע רויז פון ש ר ו ן,
שטעהט ביים זייט די צארטע טאכטער
ר ו ת, און שטראהלט מיט ריינע אונשולד.

* * *

און בענעימות׳דיג־בעשיידען,
האלב צוטומעלט און צושראקען
הויבט זי אויף די אויגען איהרע
קוקט ארום זיך ווי פערבלאנדזעט,
און זי זעהט נור פרעמדע זאנגען,
פרעמדע גארבען, פרעמדע פעלדער,
און די שניטער־ליעדער קלינגען,
פרעמד... דאך זאנפט און פול מיט ליעבע,
און די ווייטע בערג, די אלטע,
שיקען אפ צוריק די ליעדער
דורך וואונדערשעהנע עכאס...
און די שניטערינס און שניטער,
מיט די סערפען פלינק בעוועגען,
און עס מעהרען זיך די גראבען.
און אין מ ו א ב ׳ ס־טאכטער׳ס אויגען
גלאנצט א צוויליגג פעריל־טרעהרען...

* * *

פרום, ערהאבען איז געוועזען
יענע גאט־געבענשטע רגע
ווען די טאכטער פון בית־לחם
מיט דעם ליעבען שעהנעם ב ו ע ז
זענען זיך צונויפגעקומען —
איינגעפלאנצט איז דאן געווארען
מיט א הייליג־טיעפער ליעבשאפט
יענעם קערענדיל פון לעבען,
פון יהודה׳ס שטאם, דעם ריינעם,
איינגעפלאנצט פון יונגע כוחות...

* * *

אויף די פעלדער פון ב י ת ־ ל ח ם
אויף די רייכע בלומען בעטען,
אין א ים פון וואונדער־פארבען,
אין א ים פון זונען־שטראהלען ;
אויף די פעלדער פון ב י ת ־ ל ח ם
יונגע רויזען פון די קנאספען
מאכען דורשטיג אויף די ליפלעך,
טרינקען אן זיך מיט דער טהוי־לופט,
און זיי ציהען צו די הימלען
שטעלען אוים די פרישע ליפלעך,
קושען זיך מיט זונען־שטראהלען,
און זיי שפיעלען זיך מיט ווינטלעך ;
אויף די ברייטע נערשטען־פעלדער
צווישען שורות פרישע גארבען,
וואנדערט, וואנדערט מואב׳ס־טאכטער
אין די שפיעלענדיגע פארבען
פון די גרין־בעגראזטע לאנקעס,
און איהר הארץ, דאס צארטע, ריינע,
זאפט זיך אן מיט ליעבע בילדער,
מיט דעם זיסען בשמים־אטהעם,
וואס די זעפיר־ווינטלעך ברענגען
פון דעם ירדן׳ס גרינע ברעגען
און יהודה׳ס בערג, די פרייע —
אין דאס הארץ איהר׳ס וועקען אויף זיך
שטילע בענקענדע געזאנגען,
הייליג־פרומע מעלאדיען,
ווי עס וואלט א מלאך דארטען
אויף א געטליך־הארפע שפיעלען...

* * *

רות, דאס שעמעוודיגע מיידעל,
גיט געקענט האט ווי שולמית,
איבער בלומען־בערגליך שפרינגען,
שטיפען ווי א יונגע הירשין —
ווי פון אונשולד אויסגעגאסען
איז געוועזען די שנור פון נ ע מ י.
אין א רוהע־צייט, א פרייע,
ווען די יודען האבען לוסטיג
זיך געזונגען הירטען־ליעדער
אין די טהאלען פון יהודה —
דעמאלט האט זיך אויסגעשפונען
די אידיליע פון בית־לחם.

ברוקלין, נ. י.

י. אדלער.



# בין השמשות

(דראמאטישעס בילד).

פ ע ר ז אָ נ ע ן :

שיינה חיה — אַן אלמנה, 55 יאָהר אַלט.
אייבראם — איהר זוהן, אַ יודישער שרייבער.
דינה — איהר טאָכטער, אַן ארבייטערין.
האַלפּערין — אַ פּלימעניק, אַן ארבייטער.

---

צייט: אין אונזערע טעג, אָסיען, שבת פאַרנאַכט.
פּלאַץ: אין אַ גרויסע אמעריקאנער שטאָד, מיט אַ גרויסע יודישע געטאָ, אין אַן אַלטע טענעמענט הויז.

---

(אַ פינסטערעס צימער מיט איין טיהר צום קאָרידאָר און אַ צוויטע ביין זייט צו אַ צווייטען צימער. איין פענסטער אַנטקעגען דער טיהר. ביידע טיהרען און די פענסטער קוקען אוים ווי גרויסע שווארצע לעכער צוליעב דער פינסטערניש. דאס מעבעל אין צימער בעשטעהט פון אַ קאַנאַפּע, עטליכע ביינקלעך, אַ טיש, אַן אויוועז און אַ שראַנק. אלעס איז אַלט, אויסגעקרימט און חושך'דיג. דינה ליגט אויף דער קאַנאַפּע מיט אַ נאַס טוך אויפ'ן קאָפּ, שיינה חיה בייט אום די טיכער און האַלפּערין דערלאנגט זיי און נעמט זיי צו. אייבראם שפּאצירט לאַנגזאַם הין און צוריק איבער'ן צימער, קוקט זיך איין יעדע מינוט אין פענסטער און געהט אַוועק פון דאָרט צאָרענדיג און אָנגעבלאָזען).

---

ד י נ ה (מיט אַ שוואכע שטימע): לייג, לייג, מאַמינקע! יעדעס מאָל וואָס דו בייטסט אום דעם טוך ווערט מיר לייכטער אין די אויגען... (מיט אַ שוואַכען זיפץ) איך האָב איינפאַך ניט געוואוסט אויף וואָסער וועלט איך בין.

ש י י נ ה ח י ה (בייט איבער דעם טוך): אָבער רייד האָטש ניט און ליעג רוהיג, טאָכטער! דו מאַכסט בלויז ערגער מיט דיין קעהרען זיך אויף אלע זייטען.

ד י נ ה (ווי זי וואָלט ניט הערען): אז איך האָב געעפענט די אויגען האָט זיך מיר צוערשט אויסגעדוכט, אז איך געפין זיך אין

האספיטאל. עס האט זיך מיר די גאנצע צייט געדוכט אלץ, אז מען פיהרט מיך אין האספיטאל.

האלפערין (דרעהט אויס א טוך און דערלאנגט עס צו שיינה חיה'ן): אז אסור אויב עס האט זיך געלוינט אפילו א פינגער איינשניידען צוליעב דעם.

אייבראם (שטעלט זיך אב): און פונדעסטוועגען ביזטו דארט געווען (גיט א מאך מיט'ן האנד און פאנגט אן ווידער שפאצירען) עס איז ווירקליך געווען א שטיק אידיאטסטווע!

האלפערין (פערשעהמט): איך?!. איך בין ניט גע־גאנגען, אייבראם, איך בין נאכגעגאנגען.

דינה (זעצט זיך אויף האסטיג): דאס איז שוין אין מיין נארטען א שטיין געווארפען. ס'איז אמת, אייבראם, האלפערין איז בלויז נאכגעגאנגען. (פאלט אום צוריק צום קישען מיט א שווערען קרעכץ) איצט, אז די פאליציי האט זיך אנגעבושעוועט, ביזטו אויך א חכם, אייבראם.

שיינה חיה (לייגט צו אויפ'ס שנעל א נאס טוך צו דינה'ס קאפ: כמעט וויינענדיג): טאכטערקע, קינד מיינס! ליעג חאטש רוהיג פאר א צייט ביז דאס בלוט וועט אויפהערען צו גיסען. (פער־ברעכט מיט די הענד) וועה, וועה, וויפיעל בלוט זי האט עס נעבאך פערלארען!

אייבראם (שטעלט זיך אב): נו, דאס האט מען בעדארפט ערווארטען. (בייגט זיך אן צו דינה'ן) און דו, דינה, ליעג בעסער רוהיג און לאז זיך לייגען טיכער צום קאפ. פון דעם וואס דו וועסט פערלירען נאך א ביסעל בלוט וועט זיכער קיינער ניט געווינען.

דינה (גיט א הויב דעם קאפ און וויל עפעס ענטפערען, אבער פאלט אום צוריק צום קישען פאר שוואכקייט. מיט א קראנקען שמייכעל): דער פאליצייסקער קלאב איז הפנים דאך שטארקער פון מיין קאפ.

(א שווערע שטילקייט אין צימער און עס הערט זיך בלויז דאס פליוכען פון וואסער, ווען האלפערין דרעהט אויס די טי־כער און דערלאנגט זיי צו שיינה חיה'ן).

אייבראם (זיין שטערן אנגעשפארט אן שויב פון פענסטער. שטיל און מיט א זיפץ): איך דיינק, אז מען מעג שוין אנצינדען פייער, מאמע. עס איז שוין גוט פינסטער.

שיינה חיה: ניין, עס איז נאך צו פריה. באשר ביי אונז, זאל מען ניט זינדיגען מיט די רייד, איז אזוי פינסטער. אין גאס איז נאך גרויסער טאג.

האלפערין: אין אזעלכע מאמענטען, ווען אויפ'ן האר־צען איז אזוי מאדנע, איז בעסער ווען עס איז פינסטער, אדער גאר

אזוי ווי איצט — בין השמשות׳דיג. עס איז גוט צוצוקוקען ווי דער טאָג ראנגעלט זיך מיט דער נאכט און וויל זיך אלץ ניט אונטערגעבען.

א י י ב ר א ם : נו, ביי אונז אין די בעק רומס (צימער) זעהט זי זיך גאניץ וויניג אָן, דיזע מלחמה צווישען טאָג און נאכט. ער קומט צו אונז שפּעטער, דער טאָג, און, געשיצט פון דער אַנטקעגענ־דיגער וואנד, שטעהט ביי אונז אָן די נאכט א סך פריהער ווי ביי לייטען. ביי אונז ראנגעלט זיך דער טאָג כמעט קיין מאָל ניט מיט דער נאכט, פונקט ווי ער וואָלט פיהלען, אז עס איז ניטאָ פאר וואָס און פאר וועמען. (גיט א טיעפען זיפץ) אָפען גערעדט, האָבען מיר דאָך דאָ, ביי אונז, כסדר נאכט. פרעג ביי דער מאַמען און זי וועט דיר דערציילען וואָס פאר א גרויסע סומען געלד מיר צאָהלען יעדען מאָ־נאַט פאר די גאז, דערפאר וואָס מיר מוזען דאָ אימער אָנהאַלטען א שטענדיגען ליכט פייער. און אפילו א נאכט האָבען מיר דאָך דאָ אויך ניט ווי ביי לייטען.... איך געדיינק שוין די צייט ניט ווען איך זאָל האָבען געזעהען א רעכטען שטערענדעל דורך אונזער פענסטער, אָדער אָן אמת פינסטערען וואָלקען, אזוי אז עס זאָל זיין אמת שווארץ.

ד י נ ה (פּרובט זיך א הויב טהון פון קיטען און פאַלט אום צוריק, ארויסלאָזענדיג א שוואכען קרעכץ):

ש י י נ ה ח י ה : פינסטער איז מיר ניט, עס טהוט איהר נעבאך גוט וועה.

ד י נ ה : יע, מאַמע, עס טהוט גוט וועה... און דער ווייטאָג איז נאָך דארום שטארקער וואָס ער איז געקומען אזוי אונערווארטעט, אזוי אונגעריכטערהייד.

ה א ל פּ ר י ן : נו גאָר אונגעריכטערהייד איז עס ניט געקומען. איך האָב געזאָגט און זאָג נאָך אמאָל, אז מען האָט עס געדארפט ערווארטען. די דעמאָנסטראציע איז געווען א יודישע, און איך זעה ווירקליך ניט איין ווארום יודען זאָלען תמיד אָן אומעדום זיין די ערשטע.

ש י י נ ה ח י ה : אָבער גאָר מיינע ווערטער, זאָלען מיר אזוי אלע האָבען א ליכטיגען יאָהר. וויפיעל איך האָב מיט איהר ניט איינגעע׳טענה׳ט, וויפיעל איך האָב זיך ביי איהר ניט געבעטען, האָט זי דאָך מיך געפאָלגט פונקט ווי אלע מאָל, ב״ה.

ד י נ ה (זעצט זיך אויף האַסטיג): אָבער מען קאָן זיך דאָך אויביג ניט בעהאַלטען, אימער שטיקען זיך אין די ווינקלען! האָט מען זיי דאָך געדארפט ווייזען איין מאָל פאר אלע מאָל, אז זיי לייגען פערברעכעריש און אז דאס עלענד איז נאָך אלץ אזוי גרויס ווי אין אָנפאנג פון קריזיס.

האלפערין: איך האָב שוין באַלד פערגעסען ווי אַזוי מען זיצט ביי דער מאַשינקע: מיט'ן פּנים צו איהר, כדי צו זעהן ווי די ארבייט געהט אָן, אָדער מיט'ן פּנים צום פאָרמאַן, אום צו זעהען ווי אָפט ער וואַרפט אויף דיר זיינע בליקען. אָבער שפּאַס אָן א זייט. יודען האָבען ניט געטאָרט אַרויס אויף א דעמאָנסטראַציאָן די ערשטע, און איבערהויפּט אין א צייט, ווען זיי ווילען עס פערשטיקען.

דינה (גיט אַ זיפץ): דאס לעצטע איז אפשר אמת, האלפּערין.

(אַ שווערע שטילקייט פאר איניגע מינוטען).

אייבראם (קוקט אין פענסטער): אָבער מערקווירדיג ווי די טויטע הויכע וואַנד פערשטעלט פון אונז אלעס, טאָג ווי די נאַכט! עס האָט זיך געוואָלט וויסען וואָס לייטען טהוען איצט, האָבען זיי שוין אָנגעצונדען זייערע פייערען אָדער ניט... קאָן מען דאס אויך ניט זעהען דורך אונזער פענסטער.

האלפּערין (אויסדרעהענדיג אַ טוך): עפּעס האָסטו זיך מיר היינט מאָדנע פערביינקט נאָך דער נאַכט, אייבראם.

אייבראם: דאָס איז דערפאַר, וואָס איך האָב שוין אַזאַ לאַנגע צייט ניט געזעהען קיין נאַכט, האלפּערין, חאָטש איך האַלט זיך אין איין ריכטען, אז אָט־אָט און זי קומט באַלד אָן און איך קאָן שוין איינפאַך ניט איבערטראָגען דיזע סיערע, כמארע טעג און דיעזע מיט גאַז און עלעקטריק בעלייכטענע נעכט. (צולאַכט זיך טרויעריג) אָט האָט איהר אלע געזעהען די פּאָגראָמען, איבערגעלעבט זיי, און איך.. איך האָב בלויז געשריבען א פּאָר בעשטעלטע ארטיקלען, ווי עס פּאַסט זיך פאר'ן יודישען לעזער. (זעהר טרויעריג) צוגעאיילט זיך מיט מיין אָבפאָהרען פון דער היים... ניט געקענט איבערטראָגען דעם בין השמשות דאָרט און אַריבערגעכאַפּט זיך אין אַן עביגען בין השמשות, און פערפעהלט ביידעס: אי דעם ליכטיגען טאָג וואָס האָט דאָרט אַ בליאַסקע געטהון פאר א ווייַלע, אי די פינסטערע און שוואַרצע נאַכט... (איראָניש) אפילו אייער אונגליק היינט האָב איך דאָך אויך ניט געזעהען און, ווער ווייס, אפשר וועל איך נאָך דאַרפען צושטעלען א פּאָר אַרטיקלען וועגען דעם, ווי עס פּאַסט זיך פאר'ן יודישען לעזער?!...

דינה: גליקליך דאַרפסטו זיך פיהלען, אייבראם, וואָס דו האָסט עס אלעס ניט געזעהען. (צו־ווײַנט זיך) ווען דו וואָלסט געזעהען ווי גרויזאַם, ווי ציניש, דער דיקער פּאָליסמען האָט מיך אַרומ־געכאַפּט, און ווי ווילד, ווי בעסטיאַליש ער האָט עס אָנגעפאַנגען צו קלאַפּען איבער מיין קאָפּ, ווען איך האָב זיך געפּרופט ארויסרייסען פון איהם... אח, אייבראם! ניט די קלעפּ, די בעליידיגונג, וועל־

כע איז פערבונדען מיט די קלעפּ, אָט וואו די גאנצע ביטערקייט ליעגט!... דאס זעלבע, געדיינק איך, האָב איך געפיהלט אין דער היים, ווען נאָך אלע ערוואַרטעטע און פערשפּראָכענע גליקען, האָבען פּלוצלונג אויסגעבראָכען יענע פינסטערע פּאָגראָמען.

ה א ל פּ ע ר י ן : נו, פאר איך, דינה, איז איצטער גאָר ניט די צייט צו וויינען און נעמען זיך צום הארצען. און קיינער איז ניט שולדיג אין דעם, וואָס איהר ערוואַרטעט פון אַנדערע מעהר וויפיעל יענע קענען און ווילען אייך געבען.

ש י י נ ה ח י ה (בייט אום דאס טיכעל אויף דינה׳ס קאָפּ): און דאָס בלוט הערט ניט אויף צו גיסען. יעדעס טיכעל וואָס איך נעהם אראָב איז רויט דורך־און־דורך. אזוי פיעל בלוט זאָל זיך פון זיי אויסצאַפּען יעדע מינוט, רב"שע!

א י י ב ר א ם (צולאָכט זיך): מיט קללות, מאמע, וועסטו מיט זיי גאָרנישט מאַכען. קללות געהען דאָ גאָר אין חשבון ניט אריין. מען דארף נעגען זיי דאס זעלבע געברויכען וואָס זיי פערמאָגען: גוטע רעוואָלווערען, געזונדע קלאָבס און כוחות, וואָס מעהר כוחות, און דאס גראדע פעהלט אונז תמיד, און ווענען דעם גראדע פערגעסען מיר יעדעס מאָל, ווען מיר ווילען ווייזען אונזער קראַפט.

ה א ל פּ ע ר י ן : נו, זיי וועלען אימער האָבען מעהר ביקסען און אויך מעהר שיסער.

א י י ב ר א ם : יא, האלפּערין, און אויך מעהר שיסער, און דאס איז דאס ערגסטע.

ד י נ ה : נאָכ׳ן חשבון נאָך זייט איהר ביידע גערעכט. אָבער ניט אַלע מאָל און ניט איבעראל קאָן מען האלטען חשבון. די נשמה רייסט זיך, דאָס הארץ שפּרינגט פון איהר פּלאַץ און ניט אַלע מאָל איז עס מעגליך זיי אָבצוהאלטען. איך ווייס ניט ווי אַנדערע, איך קען עס ניט.

ה א ל פּ ע ר י ן : אפילו דאן ווען איהר פיהלט, ניין ווען איהר זייט זיכער, אז אייער ארויסשפּרינגען וועט נאָך ערגער מאַכען, וועט נאָך מעהר פערשטארקען די פינסטערנעס, וועט נאָך גרעסער מאַ־כען די חושך׳דיגע מאַכט פון די שוין אזוי אויך גענוג פינסטערע כוחות?

ד י נ ה (פעסט): אפילו דאן! נאָך מעהר, גראדע דאן!... עס איז אַ פערברעכען צו זיצען מיט צוזאַמענגעלייגטע הענד און שווייגען, ווען ארום דיר זענען דאָ אזוי פיעל צרות און ווייל יעדערער שטיקט זיך מיט זיין אייגענעם פּעקעל צרות, מיינען אלע אַז אלעס געהט אָן כשורה... טאָג אָדער נאַכט! און אויב איך קאָן ניט ברייננען דעם טאָג, זאָל איך חאָטשע העלפען ברייננען וואָס שנעלער די נאַכט!

א י י ב ר א ם (מיט אַן איראָנישען שמייכעל): גוטע ווערטער, דינה, ניטאָ וואָס צו ריידען, די צרה איז אָבער וואָס מיר זענען אזוי שוואך, אז מיר קאָנען אפילו די נאכט, איך מיין די גרויסע נאכט, אויך ניט ברייננגען. עט, מיר לעבען, מיר טומלען זיך, מיר קעהרען איבער וועלטען... ביי זיך אין דער היים, ביי זיך אין קווארטאַל, און די וועלט... די וועלט נעהמט זיך איהר וועג אָהן אונז. (מיט ביינקשאפט) אך, ווי איך וואָלט געוואָלט דערלעבען זעהען די אמת'ע נאכט, אז עס איז שוין ניט בעשערט צו זעהען דעם טאָג. דער בין השמשות, ער טויטעט מיך אָוועק איינפאך.

האלפערין: נו, דאָס איז פּאָעזיע, האָב קיין פּאראיבעל ניט. אין פּראקטישען לעבען איז אַ ביסעלע ליכטיגקייט, אפילו אַ בין השמשות'דיגע, דאך בעסער פון פינסטערניש.

דינה (מיט אַ זיפץ): בעפאָר מיר זענען אָבגעפאָהרען נאך אמעריקא, האָט איהר אויך געזאָגט דיזעלבע ווערטער, האלפערין. (מיט אַ שמייכעל) איך וועל, אַלזאָ, מיין צושפּאלטענעם קאָפּ צושטעלען צו אייער חשבון.

האלפערין (שמייכעלט): עס איז אמת, דינה, איך האָב אזוי געזאָגט, אָבער אסור אויב איך בין געווען אין עפּעס שולדיג. איך האָב געזעהען, בעסער געזאָגט — געדיינקט, אז עס זענען דאָרט, אין דער געביידע וואו מיר האָבען געזאָלט זיך אריבערקלייבען, עטליכע פענסטער, און דורך פענסטער, ווייס איך, קומט אימער אריין פיעל וויינינג ליכט. (טרויעריג) און איבעריגענס, האָבען מיר דען געהאַט אַן אנדער ברירה? פון די פּאָגראָמען האָט מען דאך געמוזט אנטלויפען, פון די תליות אויך, האָט מען זיך געמאכט הארץ און געטרייסט.

א י י ב ר א ם (געהט אָב פון פענסטער און זעצט זיך צו נעבען דינה'ן): איהר האָט מיך דערמאָנט אויף אַנאַנדער פאסירונג, וועלכע איז מערקווירדיג עהנליך צו אייערע. בעפאָר איהר זייט אָנגעקומען אהער, ביז איך ארוים זוכען אַ דירה פאר אונז. עס איז געווען אַ כמאַרנער, סעריער טאָג, ווען איך בין ארומגעגאנגען זוכען פּאַסענדע צימערען, ביז איך האָב קוים מיט מאטערנעש אָנגעטראָפען אויף דיזע. דער בעל הבית פון הויז האָט מיר געפּרופט איינריידען, אז אין אַ ליכטיגען טאָג איז דאָ אזוי ליכטיג, אז מען ווערט אזש פערברענט פון דער זונן. מען מוז, זאָגט ער, אין אַ ליכטיגען טאָג ארונטערלאָזען די פאַרהאַנגען, אז ניט קען מען דאָ ניט איינזיצען. איך האָב גוט געוואוסט, אז ער זאָגט ליגען, און די איינציגע פענסטער מיט דער טויטער, הויכער וואַנד אַנטקעגען זענען געווען גוטע עדות דאפיר. איך ער, דער גנב, האָט געוואוסט, אז איך פערשטעה זיך אויף

זיינע ליגענס, און דאך האט ער פארטגעזעצט לויבען די צימערען און איך האב פארטגעזעצט צו הערען עס און צושאקלען מיט'ן קאפּ... די דירה, פערשטעהט איהר, איז געווען די איינציגע וואס איך האב געקענט געפינען פאר מיין פרייז... (גיט זיך אַ הויב האסטיג פון פלאץ) מאמע! מען האט פונדעסטוועגען בעדארפט זעהען וואס עס טהוט זיך ביי די שכנים. אפשר איז שוין צייט אנצינדען פייער? (צו האלפּע־רין) דו ווייסט, האלפערין, שבת בין השמשות איז דער איינציגער מאמענט ווען די מאמע רעדט זיך צוזאמען מיט די שכנים. יודישע שכנים אפילו, אבער זיי וואהנען, פערשטעהסטו, צו די פראנט.

שיינה חיה (גיט זיך לאנגזאם אַ הויב פון פלאץ, גיט א זיפץ און געהט ארויס פון הויז).

(עס הערט זיך אַ שוואכער קלאפּ אין אַ דערבייאיגער טיהר, דאס עפענען זיך פון איהר, אַן אויסטויש פון ווערטער און דאן דאס צומאכען פון איהר).

שיינה חיה (עפענט שוואך די טיהר און קומט ארײן): עס איז נאך גרויסער טאג אין גאס!... די שכנים, זיי האבען מיך אויסגעלאכט, ווען איך האב ביי זיי נעפרעגט אויב עס איז שוין צייט אנצינדען פייער. איך האב זיך איינפאך פערשעהמט פאר זיי, אזוי ליכטיג איז דארט אין שטוב.

האלפערין (טרויעריג און מיט אַ שמייכעל): הייסט עס, אז מיר דארפען נאך דערווייליע טאפּען אין דער פינסטער, מוהמע. מילא, וועלען מיר צו־ווארטען א ביסעל.

אייבראם (מיט אַ שווערען זיפץ): צו־ווארטען ביז דער בין השמשות וועט אריבער און עס וועט אנשטעהן די אמת'ע נאכט.

(אייבראם געהט צו צום פענסטער און הויבט אַן זינגען אַ טרויעריגעס אונטער'ן נאז. דינה גיט אַ הויב דעם קאפּ, פאלט ווידער צום קישען און לאזט ארויס אַ טיעפען קרעכץ. האלפערין בויגט זיך אַן צו איהר מיט אַ זארגפולע צערטליכקייט און שיינה חיה שטעהט אין מיטען שטוב אזוי ווי פערשטיינערט).

שיינה חיה (מיט אַ שווערען, טרויעריגען קרעכץ): אה, פינסטער איז מיר ניט!

(פאָרהאַנג).

שיקאגא מ. ציפין.



# „מאַן“ און „ווייב“

ווען מאן און ווייב, דאָס יונגע פּאָר פּאָלק, זענען אריין אין זייער שלאָפצימער איז זי, דאָס יונגע ווייבעל, שוין געווען בערוהיגט. די איינגעפאלענע באקען האָבען נאָך געוויזען אפילו צייכענס פון רויט־קייט, געפלאמט אָבער האָבען זיי מעהר שוין ניט. דערפאר אָבער האָבען איצטער איהרע אויגען געפלאמט מיט דעם בעקאנטען פייעריל פון א יונג ווייבעל נישט לאנג נאָך דער חתונה אין א ליל טבילה...

גלייך ווי מאן און ווייב זענען אריין אין שלאָפצימער האָט זי פערהאקט די טיהר, א כאפּ געטהון דעם שליסעל און פערשלאָסען.

— וואָס פערשליסטו שוין? באלד פערשליסט זי... האָט ער געמורמעלט.

זי האָט איהם געוואָלט עפּעס אָבענטפערן. דאָס ליידענשאפטליכע פייערעל פון איהרע אויגען איז מיט אמאָל פערלאָשען געוואָרען און א מאָדנע פלאקער האָט זיך דאָרט בעוויזען, די גרויסע קעלבערנע אויגען זענען מיט אמאָל נאָך גרעסער געוואָרען דאָס אויסגעצויגענע פּנים איז ביי איהר נאָך אויסגעצויגענער געוואָרען, די ציינער פון דעם אונטערשטען קאסטען וואָס האָבען ארויסגעשטארט ווייטער פון די אויבערשטע, זענען זיך מיט אמאָל צונויפגעקומען מיט א גריל־ציגען קריץ און אויף איהרע ליפּען איז געהאָנגען א וואָרט ווי א שטאָך פון א שווערד. אָבער ווי זי וואָלט זיך אליין דערשראָקען פאר דעם שארפען וואָרט האָט זי זיך א ביס געטהון אין דער אונטערשטער ליפּ און שטיל אָבער מיט האסט צוריק די טיהר אויפגעשלאָסען.

ער, דער מאן, איז געשטאנען איבערגערעהט צום ברענענדען לאָמפּ און האָט נישט בעמערקט די פערענדערונג וואָס דאָ אז ביי איהר מיט אמאָל פאָרגעקומען אָבער דאָס האסטיגע אויפשליסען האָט איהם גלייך קלאָר געמאכט זיין ווייבס איצטיגען צושטאנד.

— די שלאנג האָט שוין ערוואכט, האָט ער שטיל צווישען די ציינער געמורמעלט און מיט איינגעהאלטענע טריט איז ער ארויס־געגאנגען פון שלאָף־צימער.

ווען ער איז צוריקגעקומען האָט ער פאַר איהר בעט געטראָפען ליגען דאָס האַלבע קלייד, די שיך־און־זאָגען. ער האָט דאָס אַלעס אויפגעקליבען, אויף דעם דאנעבענדיגען שטול אוועקעלייגט און אויף דער שלאָפענדער א בליק געוואָרפען. זי איז געווען צוזאַמענגעקאָר־טשעט קוים וואָס מען האָט ארויסגעזעהן דאָס ווייסע טשיפיקעל פון איהר קאָפּ.

א קורצע ווײַלע איז ער אזוי געשטאַנען, דאַן איז ער אויף די נעגעל שטיל אוועק צו זיין בעט און זיך געפיהלט פאַר דעם גריקליככס־טען. דאָס גליקליכע געפיהל האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט, א שווארצער וואָלקען האָט זיך אויף זיין פּנים פערשפּרייט און אין הארצען האָט ער דערפיהלט א טיעפען טרויער. עפּעס האָט ער איצ־טער געפיהלט א רחמנות צו זיך אליין. און נישט פיהלענדיג האָבען זיך זיינע לעפּצען בעוואויגען מיט א שטילער תפלה: גאָט! ווארום בין איך אזוי אונגליקליך? דאָס זיסטע, דאָס שעהנסטע פון לעבען זאָל ביי מיר זיין אזוי ביטער אזוי עקעלהאַפט.. מיין גליק געפין איך אינ׳ם אויסמיידען דאָס גליק... עפּעס האָט איהם אָנענומען א חשק זיך ביטער צו צולאַכען באַלד אָבער האָט ער זיך דערמאָהנט אז דאָס קאָן זי נאָך אויפוועקען און דאַן און דאַן... ער האָט מעהר נישט געקאָנט טראַכטען אָן עקעל האָט איהם ארומגענומען, ער האָט דער־פיהלט גלייך ווי עפּעס א קאַלטע שלאַנג וואָלט זיך ארום זיין קערפּער ארומגעוויקעלט און ער האָט זיך אין גאַנצען א טרייסעל געטהון...

לאַנגזאַם און שטיל ווי א גנב האָט ער זיך אויסגעטהון, אריינ־געלייגט אין בעט, געעפענט א בוך און געפּרובט געפינען רוהע צו זיין ליידענדע זעלע אין די ליעבעס געשפּרעכען פון דאָן קאַרלוס.

— שוין צייט דעם לאָמפּ צו פערלעשען! האָט זיך פּלוצים גע־הערט איהר שטימע.

— באַלד באַלד — האָט ער זיך ווי געבעטען — אָט ענדיג איך ס׳לעזען.

— גאַנצע נעכט נור לעזען, נור לעזען...

ער האָט גוט פערשטאַנען דעם פאָרוואורף נור ער האָט גאָרנישט געענטפערט. א צייט איז געווען שטיל ווי אויף א בית־עולם אָבער פּלוצים האָט ער דערהערט א פערשטיקטעס געוויין. ער האָט אונ־טער געהויבען דעם קאָפּ און דערהערט ווי זי כליפּעט. דאָס האָט איהם פון בעט ארויסגעהויבען און א דערשראָקענער איז ער צו צו איהר בעט.

— וואָס איז דיר? וואָס וויינסטו? זאָג, ס׳איז דיר עפּעס?

זי האָט נישט געענטפערט נאָר דאָס וויינען איז שטאַרקער גע־וואָרען. אין דיעזער מינוט האָט ער זיך געפיהלט זעהר שולדיג.

—כ'איז דיר עפּעס נישט גוט? זאָג, וואָס איז דיר? — האָט ער פול מיט צערטליכקייט ווידערהאָלט — געבען דיר עפּעס? אפשר אַ ביסעל וואסער?

— ניין, האָט זי קוים זיך געלאָזט הערען און דערביי זיך מיט'ן פּנים צו איהם איבערגעדרעהט. איהרע אויגען זענען געווען רויט פון וויינען, טראָפּענס טרעהרען זענען שטעהען געבליבען אין די פּאַקען גריבעלעך פון איהר געזיכט, פון דאָרט האָבען זיי זיך געקייקעלט ביז צו דער קורצער האַלב־פּעריסענער קאַרטאָפלע נאָז, דאָרט זענען זיי אַ ווײַלע שטעהן געבליבען און באַלד האָבען זיי זיך צוגאָסען אין קרומע זייטיגע וועגען.

אין דיעזען מאָמענט האָט זי אויסגעזעהן אַזוי העסליך, אַז ניט ווילענדיג האָבען זיך זיינע אויגען אָבגעווענדעט פון איהר אָבער אין דעם זעלבען מאָמענט האָט זי איהם פאַרן האַנד אָנגעכאַפּט און געצווינגען צו זיך. ער איז ווי אַ שטיק ליים אָהן לעבען אויף דעם רוקען פון בעט זיצען געבליבען. און דאָ האָט זיך פאַר איהם אָנ־געהויבען אַן אינערליכע מאַטערנייש. זיין נשמה האָט זיך געריסען אַוועק, אין אַ וועלט פון שעהנהייט, פּאָעזי און ליעבע... זיין מענש אין איהם אָבער האָט פערלאַנגט ער זאָל זיך נישט ריהרען פון אָרט נור בלייבען נעבען איהר; זי ליידעט, ער איז אַזוי שיין און וואָס איז זי שולדיג אַז די נאַטור האָט זי אַזוי העסליך געמאַכט.

— ווי אַ ליימענער גולם! האָט זי פּלוצים אַ מרוטשע געטהון און זיין האַנד פון זיך אַוועקגעשליידערט.

אַן אויפלעבונג איז אויף איהם געקומען, ער האָט זיך פּלוצים דערפיהלט פריי... די פריהייט האָט איהם אָבער וועה געטהון, ער האָט געפיהלט איהר לאַגע און האָט געוואָלט עפּעס טהון פאַר איהר אָבער וואָס — האָט ער אַליין נישט געוואוסט.

— פיהלסט זיך שוין בעסער? אפשר אַ שטיקעל פּאָמעראַנץ? — האָט ער ענדליך אַרויסגעשטאַמעלט

— זאָל זיין.

פון'ם פּאָמעראַנץ וואָס ער האָט איהר דערלאַנגט האָט זי איהם אַ האַלבען, די גרעסערע העלפט דערלאַנגט און אַליין האָט זי אָנגע־הויבען קייען מיט די פעדערשטע צייהנער, געזשאַמזשעט און גע־זשאַמזשעט און דערביי האָט זיך איהר לאַנגשפּיציגע גאָמבע מיט דעם אונטערשטען קאַסטען אַרויסגעשטאַרטע צייהנער אַזוי מאָדנע בעוואויגען אַז דאָס האָט געטריבט פון איהם דעם גאַנצען אַפּעטיט צו עסען די אַנדערע העלפט פון דעם פּאָמעראַנץ.

— פאַרוואָס עסטו נישט? האָט זי קייענדיג איהם געפרעגט און ווידער אַמאָל זיין האַנד אָנגענומען. ער האָט אַ ציטער געטהון.

עס איז איהם פלוצים א שפּילקעדיגע קעלט אין אלע ביינער זיינע דורכגעלאָפען. אָה, ווי אונגעוועהנליך קאַלט עס איז איהר האַנד. אייז, א שטיק אייז... און דאָך האָט ער זיך נישט בעפרייט פון איהר האַנד ער האָט בלויז א זאָג געטהון: „אוי ווי קאַלט“.

זי האָט געמיינט אז עס איז איהם קאַלט צו שטעהן באָרפיס אויף דער ערד האָט זי זיך אביסעל אָבגערוקט און איהם געוואָלט זאָגען: „ס'בעט איז אויסגעווארמט, א מהיה“ אָבער אנשטאט דעם האָט זי ארויסגעשטאמעלט: „נאָך א קליין ביסעלע, שטעה נאָך אביסעלע...“

די ווערטער איהרע זענען ארויסגעזאָגט געוואָרען מיט אזוי פיעל באַגעהר, אז א וועלט מיט געפיהלען האָבען זיי ביי איהם ארויסגעי רופען. ער איז געוואָרען צו איהר פול מיט מיטלייד, ער איז נאָהנטער צום בעט צוגעטראָטען. זי האָט זיך נאָך מעהר צום וואנד צוגערוקט פאר איהם אן אָרט געמאַכט און ער האָט נאָך אלין געקלעהרט. פּלוי צים האָט ער דערהערט א געלעכטער פון דער עס שטוב. דאָס געי לעכטער האָט איהם ווי מיט א מעסער דורכגעשניטען, און עפּעס האָט איהם אויסגעוויזען אז דאָס לאַכט מען פון איהם. יא, פון איהם לאַכט מען עס דאָרט איצטער, פון איהם... ער, אזא שיינער יונגער מאַן זאָל מיט אזא...

ער האָט זיך אליין איבערגעריסען די געדאנקען. צו העסליך און צו הארצרייסענד איז געוועזן דאָס בילד וואָס איהם האָט זיך איצי טער פּאָרגעשטעלט און א האַס, א ברענענדער האַס האָט זיך אין איהם אָנגעצונדען צו זיין טאַטען, דעם געלד פּערגעטערער, צו זיין שווער, דעם בעטריגער און ענדליך צו זיך אליין.

דערווייל האָט זי זיין האַנד צו זיך מעהר צו געצויגען און זי אויף איהר גלאַטיגען האַלדז ארויפגעלייגט. זיין האַנד איז אין אָני פאַנג געלעגען אָנבעוועגליך דאָס גלאַטיגקייט אָבער און די היץ פון איהר ליידענשאפטליכען קערפּער האָט אין איהם ערוועקט א ווארעי מעס געפיהל און מיט דער קראַפט פון אָט דעם געפיהל האָט זיך זיין האַנד אָנגעהויבען בעוועגען אָבער פּלוצים האָט ער א ציטער געטהון און מיט זיין גאַנצער קראַפט האָט ער זיך געריסען פון איהר האַנד לויז צו ווערען.

דאָס האָט אויף איהם איהר אייז געפרוירענע האַנד אזוי שלעכט געווירקט. די קאַלטע דאַרע פינגער וועלכע זענען געוועזן פייכט פון דעם זאפטיגען פּאָמעראַנץ האָבען איהם ווי מיט מעסערס זיין לייב געשניטען, א שוידער איז איהם אלע זיינע ביינער דורכגעלאָפען עפּעס האָט זיך איהם אויסגעדאַכט אז טויטע פּינגער האָבען אָנגעי כאַפּט זיין האַנד און דרוקען זיי צו צו מאָגעי אויסגעדארטע ביינער אי־

בערגעצויגען מיט א דינע הויט אויף דעם אָרט וואו עס דארף זיין א ברוסט, א הויבע לעבענספולע פרויען־ברוסט.

ער האָט זיך פון איהר א ריס געטהון, געוואָלט זיך בעפרייען אָבער זי האָט איהם אזוי ליידענשאפטליך צוגעדריקט און ארויסגע־שעפטשעט זיין נאָמען אזוי צערטליך, מיט אזוי פיעל געבעט, אז ער האָט פאר קיין פאל ביי זיך נישט געקענט פועל'ן זי צו פערלאָזען. אגב האָט ער זיך דערמאָהנט אָן זיינע פליכטען געגען איהר אלס מאן. זי איז א יונג ווייבעל, זי היט אָב יודישקייט און ווי האָט ער דאָס רעכט אזוי צו לעבען איבערהויפּט נאָך אין אזא נאכט ווי היינט. ניין, היינטיגע נאכט מוז ער! אלע קרעפטען דארף ער אָנווענדען, צומאכען די אויגען דארף ער, דעם לאָמפּ דארף ער אויסלעשען, פינס־טער זאָל זיין, וועט ער נישט זעהן איהר געזיכט און אין דער פינסטער קאָן ער זעהן זיין אידעאל, איהר שעה־נעס געזיכט, איהרע שמאָלענקע האלב־צוגעמאכטע מאנדעל אויגען, איהרע רייצענד רויטע ליפען און די בלויע בלוזע, די דורכ־זיכטיגע... אָה, ווי וואָלט זיך איהם געוואָלט זעהען אָט די דינענקע בלוזע! נישט צוגעדריקט, נישט געקוועהלט וואָלט ער איהר נור גלאטיג ווייך וואָלט ער איהר געגלעט, ארומגעהילט און צוגעטוליעט אזוי ליעב אזוי ליעב...

און א צארטעס, ווארמעס געפיהל האָט איהם ארומגענומען און מיט'ן גאנצען כח האָט ער זיך א ריס געטהון צו געהן דעם לאָמפּ פערלעשען...

אין דיעזען מאָמענט האָט זי זיך פלוצים מיט כעס אזא וואָרף געטהון אז דאָס בעט האָט א טרעשטש געטהון און פול מיט גיפט האָט זי אויסגעשריען: נור אויסגערינען אין דער מאמעס בויך האָב איך גערארפט ווערען.

---

און איך אויך — האָט ער אָבגעענטפערט און איז אריין צו זיך אין בעט.

ניו יארק                י. פאלער.



# ביים רבינ'ס טיש

א גרויסע פיער־עקיגע דאווען־שטוב, פול מיט יודען.

ביז איצט, האָט נאָך פון די גרויסע זעקס פענסטער, וועלכע זע־נען אָבגעטיילט צו דריי אויף א וואנד — אָבגעשלאָגען א מאטער שיין, וועלכער האָט זיך ווי אין א שטילען קאמפף געראנגעלט מיט דער אָנקומענדער פינסטערניש. ביסלעך־ווייז אָבער, האָט די פינס־טערניש אַלץ מעהר דעם שיין פערשלונגען, אַלץ זיכערער זיך אין יע־דען ווינקעל פערשפרייט, און ענדליך די גאנצע שטוב ווי אין איין שווארצען שאטען איינגעהילט.

אויב'ן־אָן, ביי א לאנגעןברייטען טיש, וועלכער איז פוןביידע זייטען בעזעצט מיט חסידים, — זיצט דער רבי און פראוועט דעם שלוש־סעודות.

א הייליגע שטילקייט הערשט אין דער שטוב.

דער רבי זאָגט תורה...

כמעט אַלע וואָס געפינען זיך ארום טיש, זענען צונויפגעדריקט מיט איינגעהאלטענע אָטעמס, אַלץ נעהענטער צום „אויב'ן־אָן"; אַלע זענען צונויפגעגאָסען ווי אין איין קנויל, ווי אין איין שווארצען פלעק, — יעדער וויל הערען דעם רבינ'ס הייליגען קול, יעדער וויל אויפכאַפּען זיינע הייליגע ווערטער.

און די ווערטער פונ'ם הייליגען צדיק ציהען זיך, קלינגען אָב, באַלד אין א בייזער, באַלד אין א שטילען אנגענעהמען ניגון, און צו־גיסען זיך אין דער טיפקייט פון די צוהערערס נשמות, גלעטען זייערע הערצער, און פערטראָגען זיי ערגעץ אין א העכערער וועלט, אין א וועלט פון הייליגקייט...

צווישען די צוהערער, שטעהט אויך ר' פּנחס דער פּאָסעסאר, ווי מען רופט איהם, — א חסיד נאָך פונ'ם „אַלטען" זכרונו לברכה... דער פאָטער פונ'ם „איצטיגען"...

פון קיין זאך האָט ר' פּנחס ניט אזא הנאה פונ'ם „איצטיגען", ווי הערען פון איהם א שטיקעל תורה... דאָס קול, די תנועות — אינגאנצען אויפ'ן „אַלטען'ס" שניט...

שטעהט ר׳ פנחס מיט גרויס כונה, די הענד פערלייגט אויפ׳ן הארצען, דעם קאפּ אראבגעלאָזען, און אין זיינע רעיונות לעבט איצט אָב דאָס גאַנצע געשטאַלט פון׳ם „אַלטען“...

ער זעהט זיין געבויגענעם קערפּער, דאָס גרויע שפּיציגע בערדיל; דאָס בלייבע פּנים מיט די ליכטיגע אויגען, — און ער פיהלט בחוש, יענעמ׳ס רוהניות... יענעמ׳ס ברען...

* * *

ווייט אַרונטער, נעבען דעם הינטערשטען טייל טיש, נאָהענט פון טיהר, שטעהט חיים בער דער מלמד. ער האַלט אָנגעשפּארט איין פּוס, אויף איינע פון זיינע צוויי קוואס־קאַנען, דעם קאָפּ אָנגעשפּארט אויפ׳ן עלענבויגען, און בערעכענט אויפ׳ן קאָפּ, וויפיעל גלאָז קוואס ער האָט דאָ היינט אויסגעגעבען, ווער עס האָט געטרונקען, כדי מאָרגען, בלי נדר, צו־רוויסען ביי ווועמען צו מאָנען...

לויט אָבער חיים בער בערעכענט, איז ער פון׳ם היינטיגען שבת ניט זעהר צופריעדען. פון די גאַנצע צוויי קאַנען, האָט ער סך־הכל, אפשר זעקס, אָדער זיבען גלאָז קוואס פערקויפט; אפילו קיין האַלבע קאַן ניט... וואָס גאָט גיט אַ שבת, לויפט חיים בער׳ן דורך אַ געדאַנק, ווערט אַלץ ערגער... פאר׳ן „אַלטען“, זכרונו לברכה, פלעגט ער שוין אין דער צייט קיין קאַפּ קוואס ניט האָבען... גאָר אַנדערע צייטען דאַן געוועזן...

קיין תרעמות אויפ׳ן „איצטיגען“, האָט ער חלילה אפילו ניט דערפאר, דעם אמת אָבער, קען חיים בער ניט פערלייקענען! ער מוז מודה זיין, אַז ס׳פעהלט עפּיס.... אַז ס׳איז ניט דאָס וואָס געוועזען... נישטאָ יענער עולם, נישטאָ יענע התלבות — אַלץ רחמנא לצלן, עפּיס ווי אָבגעהאַקט געוואָרען...

שטעהט חיים בער אַ פערטראַכטער, און עס וואָלט זיך איהם שוין זעהר וועלען אהיים געהען. ער האָט שוין אפילו בדעה געהאַט לאַנג אַ היים צו געהן — וויל ער אָבער בכיון וואַרטען ביז נאָך הבדלה, כדי צו קענען זיך היינט זעהן מיט נחום דעם „ארענדאר“. שוין אַ שטיק צייט אַז ס׳קומט איהם ביי איהם פאר אַ פּאָר גלאָז קוואס, און יענער מאַכט זיך ניט וויסענדיג... ער ווייס אַז וועט ער איהם היינט ניט זעהן, קען ער ווידער דאַרפען וואַרטען, ווער, ווייס ווי לאַנג, ביז נחום וועט ווידער ווען ס׳איז קומען אין שטאָד אריין אויף אַ שבת...

גלאַט אָבער פלוצלונג צוגעהן צו נחום׳ען מאָנען דעם חוב, קען חיים בער ביי זיך ניט פועל׳ען. פּאָרט אַן אַלטער געוועזענער בעל הבית זיינער... כמעט אַלע קינדער זיינע, ביי איהם תלמודים געוועזן... מאַכט חיים בער ביי זיך אָב, אָבצו־וואַרטען נחום׳ען, נאָך

הבדלה, אויף דער סטאנציע, פערפיהרען מיט איהם פריהער א שמועס
מכה עפּיס אַן ענין, און דאן ערשט, בייטען ער זאָל קיין פּאראיבעל
ניט האָבען, און איהם וועגען דעם חוב דערמאָנען...

* * *

ניט ווייט פון טיש, אויף אַ לאַנגער באַנק, נעבען אַ ברייט־גע־
מויערטען אויבען, זיצען אויסגעזעצט אַ גאַנצע רייהע יודען פער־
טיעפט אין פערשיעדענע ענינים.

צווישען זיי, זיצט אויך שמואל דער קצב. דאָס שטריימעל איז
ביי איהם פערדוקט אויף אַ זייט, די הענד פערלייגט אין אַ פערזאָרג־
טער פּאָזע, און ער קען זיך קיין עצה ניט געבען וועגען אַ שווערען
ענין.

די לעצטע צייט, איז ער פשוט אויס מענש! עס האלט זיך
ביי איהם שטענדיג אין איין טרפה'ענען... עס האָט איהם שוין ממש
בדול הדל געשטעלט!

קלערט שמואל דער קצב, נאָך הבדלה, דורכצושמועסען זיך
וועגען דעם מיט'ן רבי'ן. ער קלערט, אפשר האָט עס עפּיס אַ שייכות
מיט'ן שוחט: אַ יונגער שוחט, אפשר פערקוקט ער אַמאָל...

אַ חוץ דעם, ישוב'ט ער זיך, צו זאָל ער פאַר איין־וועג מאַכען
מיט'ן רבי'ן אַ טענה, וועגען אָברעכענען זיך... שוין קנאַפּע זעקס
חדשים, אַז מען האלט ביי איהם אהער אין איין באַרגען פלייש, און
עס נעהמט קיין סוף ניט!.. איין גאָט ווייס דעם אמת אַז ס'איז
איבער זיינע כוחות...

ער ווייס אפילו, אַז אין אַזעלכע זאַכען מישט זיך דער רבי
ניט. מיט דער רבי'צען אָבער, קען ער קיינמאָל צו קיין כוח ניט קו־
מען: פון איין וואָך צו דער צווייטער, האלט זי איהם אין איין
„פיהרען", און איין צוזאָגען... איינפּאַך, עס איז איהם שוין מיאוס
און מאוס מאָנענדיג.

שלאָגט זיך שמואל מיט דער דעה, וואָס ער זאָל טהון. אין גאַנ־
צען וועגען דעם שווייגען, טהוט איהם פשוט וועה דאָס האַרץ; אַזוי
פיעל שווער פערהאָרעוועט בלוט אָנגעבאָרגט... מאַכען ווידער מיט'ן
רבי'ן וועגען דעם אַ טענה, האָט ער מורא אפשר וועט ער נאָך עפּיס
קאָליע מאַכען...

זיצט שמואל פערטיעפט אין מחשבות, און קען זיך קיין עצה
ניט געבען...

* * *

אביסעל ווייטער, אויף דער זעלבער באַנק, זיצט פייוועל דער
בעל עגלה. אַ יוד נאָך אין די מיטעלע יאָהרען. ער הויבט זיך יעדעס
מאָל אויף, זעצט זיך צוריק, און קען זיך פאַר עגמת נפש קיין אָרט
ניט געפינען.

שוין עטליכע וואָכען, אַז ער איז אָהן פּרנסה געבליבען! ביז איצט פלעגט ער נאָך ווי ס'איז, דאָס ביסעל חיונה פון זיין פערדיל ציהען, — איז עס איהם אָבער פּלוצלונג אוועקגעפאלען, און מעהר זיך ניט אויפגעהויבען... ער געהט ארום, אַז דער מה הויבט זיך איהם פּשוט פאַר צרות! וואָלט ער געהאַט מיט עפּיס, וואָלט ער זיך דערווייל אן אנדער שטיקעל פּרנסה געזוכט. איז איהם אָבער אַזוי ביטער, אַז ס'איז אין שטוב להלוטין קיין שטיקעל ברויט נישטאָ, מיט וואָס אפילו אַ טאָג איבערצוקומען...

הוץ דעם, עגבערט איצט פייוולען אַ געדאַנק, וועגען גאָר אַן אַנ־דערע זאַך.

הינטער דער אָפּגעגער טיהר וואָס פיהרט פון דאַוון־שטוב אין קיך אריין, האָט ער ווען ס'איז ליכטיג געווען, געזעהן שטעהן אַ גרויסען זאַק מיט קארטאָפּלעס.

ווי אַזוי דאָס איז געשעהען, קען זיך פייוועל אליין קיין רעכנונג ניט אָבגעבען. ער ווייס נאָר, אַז ס'האָט איהם עפּיס ווי אַ ניט־גוטער געהאלטען אין איין שלעפּען, אין איין ציהען אהין...

אַ פּאָר מאָל איז ער אַזוי שטעהן געבליבען ביים זאַק, מעכאַניש דאָרט אַ ריהר געטאָהן מיט דער האַנד, און ווי דערשראָקען פאַר זיין אייגענעם געביין, איז ער יעדעס מאָל אַוועק אַ צוטראָגענער.

איינמאָל אָבער האָט ער מעהר ניט געקענט ביישטעהן דעם נסיון, און ער האָט עטליכע פון די קארטאָפּלעס צו זיך אין קעשענע אריינגעלייגט... ניט מעהר טאַקע ווי עטליכע... אפילו קיין פולע קעשענע ניט...

פייוועל פיהלט אָבער וועגען דעם אַ שטאַרקע חרטה און עס לאָזט איהם ניט רוהען. ער האָט זיך שוין עטליכע מאָל געלאָזט אהיים געהן און עס לאָזט איהם ניט דאָס הארץ... ער האָט נאָך קיינמאָל יענעמס ניט בעריהרט, קיינמאָל נאָך קיין פרעמד'ס ניט נהנה געווען, אפילו וואָס אַ שפּילקע די ווערט איז...

איין גאָט ווייס אָבער דעם אמת, אַז ער איז ניט שולדיג, טרויסט זיך פייוועל אין הארצען — פאַר זיינעט וועגען וואָלט ער דאָס אוודאי ניט געטהון; פאַר זיך, ווי־פאַר־זיך, ער קומט צום „טיש", ווי ס'איז, כאַפּט ער האָטיש אַ מאָל אַ לעפעל געקעכץ, אַ שטיקעל חלה... נאָר דאָס ווייב? די קינדער?... שוין צוויי וואָכען קיין שבת ניט גע־מאַכט...

ניו יאָרק מ. אדערשלעגער.



# איבער׳ן כוח

(אַ חסידישע מעשה)

— אויב מ׳וויל פערשטעהן דאס גרויסקייט פון אַמאָל, דעם אמת׳ן כח פון אַ פארצייטיגען צדיק, איז גענוג אַז מ׳דערמאָנט זיך אין אַ פאַרצייטיגען חסיד. דאמאָלס וועט מען שוין ממילא פערשטעהן דעם חלוק פון אמאָל ביז היינט.

אודאי איז שוין היינטיגע צייטען נישטאָ דער ברען, דער כח הקדושה, דאס אמת׳ע מסירות נפש, וואָס אמאָל. היינט טהוט מען לויט׳ן כח — האָט מען געטהון איבער׳ן כח.

איהר האָט אמאָל געהערט פון ר׳ משה׳לע סאטינער? גאָר נישט געהערט? אַ הידוש! וועלכער סאַנדצער חסיד האָט עס נישט געהערט פון ר׳ מישה׳לען?

אודאי, איהר זייט אלע יונגע לייט און זייט נישט שטאַרק בקי אין חסידות; איך בין שוין קיין־עין־הרע איבער שבעים, און איבערגעלעגען אלע מיינע יאָהרען אין סאַנדץ.

אויב איך האָב איהם געקענט? אַ ישעהנע שאלה. קודם־כל בין איך אַליין אַ געבוירענער אַ סאַטינער, און יונגעלווייז האָבען מיר אין איין הדר געלערנט, אמת׳ע חברים געווען. דערנאָך האָב איך איהם אויך געזעהען פיער, פינף מאָל אַ יאָהר אין סאנדץ אַליין, ווען ער איז שוין געווען אַ תושב אין הויף. איך האָב אפילו די זכיה געהאַט ביי זיין לויה צו זיין. נור דאס אַליין איז שוין אַ מעשה פון עטליכע־און־פערציג יאָהר.

זעהט איהר, אָט דער ר׳ משה׳לע איז געווען אַן אמת׳ער חסיד, אַ פאַרצייטיגער חסיד; נישטאָ היינט אזוינע יודען.

דער פאָטער זיינער, ר׳ חיים׳על, איז געווען אַ יוד, אַ למדן מופלג; געמאַכט אַ חבור אויפ׳ן רמב״ם. דערצו איז ער געווען אַ גביר, אַן אדיר; אין סאַטינע האָט מען איהם געשאַצט ביז ק״ן אלף. ס׳איז נישט געווען אַ קינד אין סאַטינע אָדער אין דער סביבה, וואָס האָט נישט געהערט פון ר׳ חיים׳לען.

איז ער אָבער געווען אַ געפעהרליכער מתנגד; געמאַכט חוזק, רחמנא לצלן, און געשיט פעך און שוועבעל.

מ׳האָט עס אפילו אמאָל דעם אלטען ז״ל דערצעהלט; האָט ער געענטפערט בניחותא: ווען נישט דער כבוד התורה, וואָלט

ר׳ חיים׳על שוין אין גאנצען אויפגעהערט רעדען. נור וואס דען? אויב ר׳ חיים׳על איז אזא קאלטער מתנגד, וועלען שוין זיינע קינ־דער הייסען הסידים זיין.

וכך הוה! ר׳ משה׳לע איז שוין געווען אזוי ארייגגעלאזט אין הסידות און האט געהאט אזא אמונה אין רבי, אז דער אלטער האט אויף איהם אמאל געזאגט: מי כעבדי כמשה! איהר פערשטעהט? דאס איז שוין גאר קיין קליינינגקייט נישט.

און ווי ווייט זיינע יראת שמים איז געווענען, און ווי ווייט זיין אהבה נאמנה צום אלטען ז״ל איז געגאנגען, וועט איהר שוין פון דעם פערשטעהן:

דארטען טאקי, אין סאטינע, איז געווען אן אנדערער גביר, ר׳ לייזער׳ל העניעס; אויך מיט דער רי״ש, ווארום ער איז געווען א גרויסער בן־תורה און א מיוחס פון דער ערשטער פאהן.

דער ר׳ לייזער׳ל האט געהאט א בת יחידה; האבען זיך די צוויי גבירים משדך געווען.

מילא וואס זאל איך אייך זאגען? עס איז געווען א שידוך צו גאט און צו לייט. קודם־כל אזוינע צוויי מחותנים; צוויי ספרי תורות. דער התן, אן עלוי, א ירא שמים, א ספרא רבא; די כלה, א יפת תואר, א צנועה, אן אמת׳ע בת מלכה. און דערצו נאך, האט מען געסילוקט צו טויזענד רענדלעך במזומנים, חוץ מתנות אין התונה קליידער כיד המלך. פון קעסט עסען איז שוין אבגערעד; ו ו י פ י ע ל דאס פאר פאלק וועט נור אליין ווען.

איהר קענט אייך שוין אליין משער זיין, וואס פאר א חתונה דארטען איז געווען; ממש, סעודת שלמה בשעתו. נור נישט דאס בין איך אויסען. איך וויל אייך נור אויסברייגגען ווי ווייט דעם אלטענס כח איז געווען. אזוי ווי ר׳ משה׳לע איז נור ארויס פון דעם פאטער׳ס רשות, איז ער באלד קיין סאנדץ געפאהרען, און דעם שווער זיינעם האט עס דוקא נישט געארט. אט דאס הייסט ויגזור אומר ויקום לך; אז דען אלטער ז״ל האט ארויסגערעדט א ווארט, האט מען אין אלע זיבען הימלען געציטערט.

אזוי זענען אוועק א דריי יאהר און די אהבה צווישען רבי און תלמיד האט געהאלטען אין איין וואקסען; ר׳ משה׳לעס דביקות איז געווען אין לשער.

מאכט זיך אמאל א מעשה און ר׳ משה׳לע הערט אויף צו פאהרען. דאס איז געווען שבועות־צייט און ר׳ משה׳לע האט קיינמאל נישט אויסגעפעהלט צו זיין ביים רבי צו קבלת התורה.

אין הויף האט מען געלערנט פערשיעדענע פשטים; נור רוב דעות איז געווען, אז דער פאטער זיינער האט אויף איהם גוזר

געווען בגזרת כבוד־אב נישט צו פֿאָהרען. ווען מ׳האָט עס דעם אַל־טען געזאָגט, האָט ער געהוידעט מיט׳ן קאָפּ אויף ניין. „משה׳לע“, האָט ער געזאָגט, „געהט איצטער דורך אַ שווערען נסיון; און וועט ער איבערשטעהן דעם נסיון וועט ער צו מיר מעהר נישט פֿאָהרען“. מיר האָבען לחלוטין נישט פֿערשטאַנען דעם אַלטענס כונה, נור אַז ער האָט געזאָגט האָט ער מ׳סתם געוואוסט וואָס ער זאָגט.

שפּעטער האָט מיר ר׳ משה׳לע אַליין דערצעהלט וואָס עס האָט פּאַסירט; איהר וועט הערען און שטוינען.

אַ צוויי וואָכען פֿאַר יענעם שבועות, איז ער אויפֿגעשטאַנען, כדרכו, אָברעכטען חצות. דאס איז געווען געגען דריי אַ זייגער פֿאַרטאָג און ס׳האָט נור וואָס אָנגעהויבען ליכטיג צו ווערען. אַזוי ווי ער איז שוין געווען אָנגעטהון און האָט געוואָלט ארויסגעהן פֿון׳ם שלאָפֿשטיבעל אין זאַל אריין, האָט ער נישט ווילענדיג אַ קוק געטהון אויף זיין ווייבעל, וועלכע איז געלעגען אין אַנדערן בעט און געשמאַק געשלאָפֿען.

באותו הרגע, האָט ער מיר דערצעהלט, איז ער עטוואָס צומישט געוואָרען און עפּעס אַ מהשבה זרה איז איהם פּלוצלונג אין קאָפּף אריין... איהר מוזט נישט פֿאַרגעסען, זי איז געווען אַ זעלטענע פֿארשוין, אַן אמת׳ע יפת־תואר.

ער איז שנעל אַרויס אין זאַל אריין און אָנגעהויבען זאָגען שערי־ציון מיט כונה מיט שברון־לב; ער האָט געוואָלט דעם שטן המשחית גובר זיין. נור ס׳איז נישט געגאַנגען. ער האָט אפילו נישט געקענט קיין פּירוש המלות מכון זיין.

פּע, עפּעס אַ מיאוס אָנשיקעניש!

פֿערמאַכט ער גיך דעם שערי־ציון און טהוט זיך אַ נעהם צום תיקונים. ער זאָגט מיט אַ ברען אין הארץ, גראָבט איין דאס פּנים אין ספר, אפשר וועט ער פֿאָרט גובר זיין. נור, רחמנא לצלן, ס׳איז נאָך ערגער. די ווערטער קומען ארויס מן השפה ולחוץ, ער דערקענט שוין אַ באַלד נישט די עברי. די הרהורים רעים לאָזען איהם נישט רוהען, אין קאָפּף האַקט ווי מיט אַ האמער, דאס הארץ קלאַפּט ווי ביי אַ גזלן.

ער הויבט זיך אויף און דרעהט זיך אַרום איבער׳ן זאַל; ער וויל מהרהר בתשובה זיין; נור ער פֿיהלט ביי זיך אין הארצען, אַז ער וועט נישט פּועל׳ן.

אַזוי האָט ער זיך ארומגעדרעהט אַ שטיק צייט, נור — קיין חצות האָט ער שוין יענעם פֿאַרטאָג נישט אָבגערעכט...

מילא וואָס ער איז דערנאָך אויף שבועות נישט געפֿאָהרען, האָט מען גערעכענט, אפשר האָט ער זיך מישב געווען און וויל

גישט מעהר פּאָהרען; און אפשר לאָזט דער פּאָטער נישט. נור וואָס ער האָט אויפגעהערט צו קומען בייטאָג אין קלויז אריין לער־נען, אויף דעם האָט מען זיך שוין דוקא יאָ גע'הידוש'ט. דער שווער זיינער איז אפילו אויך אַ ביסעל ברוגז געווען, וואָרים אין אמת'ן ווי זיצט עס עפּעס אַ יונגערמאַן אַ גאַנצען טאָג אין דער היים?

נור וואָס זאָל איך אייך מאריך זיין? אויף ימים נוראים האָט מען גערעכענט בלי שום כל ספק אַז ער וועט פּאָרט פּאָהרען, נור ער איז אַליין געבליבען אין דער היים.

שטעהט דאָך אָבער פּאָרט צדיק גוזר והקב"ה מקיים, דער אַלטער סאַנדצער האָט דאָך פּאָרט געזאָגט אַז ר' חיים'לס קינדער וועלען זיין חסידים, מאַכט זיך אַז דער סאַנדצער אַליין קומט אַראָב קיין סאַטינע אויף שבת שירה. נו, מוז שוין ר'משה'לע געהן צום רבי. כולי האי?

געבליבען ביחידות זענען זיי אַן ערך פון דריי שעה, נור וואָס דאָרטען איז פּאָרגעקומען ווייסט מען נישט עד היום. ר' משה'לע אַליין האָט קיינמאָל נישט דערצעהלט. נור וואָס דען? ווען דער אַלטער איז צוריק אַהיים געפּאָהרען איז שוין ר' משה'לע מיטגע־פּאָהרען און איז שוין טאַקי געבליבען אין סאַנדץ כל ימיו.

אָט דאָס איז געווען דעם אַלטענס כונה, אַז ר' משה'לע וועט שוין צו איהם מעהר נישט פּאָהרען.

דער שווער אָבער האָט געליאַרעמט; דער פּאָטער האָט נישט געוואָלט הערען פון איהם. סטייטש? איבערלאָזען אַזאַ נגיד'ישאַפט, אַזאַ גוטס, און זיך געהן וואַלגערן אין סאַנדץ, מעשה יושב? היתכן? ס'איז דאָך אַ הימעלגעשריי. דערנאָך האָט מען אויפגעשטעלט מענ־שען, מ'האָט גע'טענה'ט אַהין און אַהער, מ'האָט געאַרבייט מעשים; נור ס'האָט נישט געהאָלפען.

דער שווער האָט אפילו געוואָלט זיי זאָלען זיך גט'ען; איז ער בעשטאַנען, נור זי האָט נישט געוואָלט הערען דערפון; כאָטש פולט איהר אַן אַ שטוב מיט רענדלעך.

אכט יאָהר איז ער געלעגען אין סאַנדץ און מקורבים האָבען דערצעהלט, אַז עס פלעגט נישט אַוועקגעהן אַ טאָג וואָס ער זאָל נישט זעהען דעם אַלטען און מיט איהם רעדען סתרי תורה. די אהבה איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז נאָכ'ן אַלטענ'ס פטירה, פונקט צו די שלושים, איז ר' משה'לע אויך נפטר געוואָרען. ס'האָט איהם גע־צויגען צום אַלטען.

אָט זעהט איהר, דאָס הייסט אַ פאַרצייטיגער חסיד.

**ניו יאָרק.** **צבי ן' שלום.**



# אַ לבנה נאַכט

די לבנה אַ בלאַסע אין קרייז פון די שטערן שוועבט אום אין דער הויכקייט פון די טיעף בלויע הימלען, און גיסט איבער ימים, בערגער און טהאָלען איהר מאַט בלאַסעם ליכט, און אַלעס ווערט ווי מיט זילבער בעשפּריצט, און שיינט אין דער נאַטירליכער שטיל־קייט ארויס. עס שפּיגעלט דאס טייכעל אין זיך די לבנה און קנויטשט זיך געגען איהרע בלאַסע שטראהלען, צירקלענדיג אַ זיל־בערנעם זוים.

די בוימער שטעהען מיט אויסגעשטרעקטע צווייגען, אויף וועלכע עס פינקעלט דער ווייסער, פון נאָך קיינעם בעריהרטער, געפאַלענער שנעע, און זיי ווייזען אויס ווי געהיימע געשטאַלטען, מלאכים מיט דינע, זילבערנע פליגלען אויסגעשטרעקט אין דער בלאַסער נאַכט, פערטיעפט אין וואונדערליכע סודות... די הויכע בערג פון ווייטען קוקען אויס ווי ריזיגע פאַרטראַכטע פיגורען, גרוי־סע קערפּערס, לאַנגע שמאָלע העלזער — און נאָך אַמאָל אַזעלכע גרויסע ווייסע קעפּ... ס'איז שטיל, וואונדערליך שטיל, — קיין מענש! קיין פויגעל! עס שימערען די שטערן אין דער הויך און בייטען זיך אָפּטמאָל איבער מיט זייערע פּלעצער, פאַלען ארונטער, ווערען אויסגעלאָשען, און אַנדערע פאַרנעמען זייערע ערטער, און פינקלען און שימערען אין דער הויך... און אַלעס ארום — דער טייך, דער וואַלד, די בערג און די טהאָלען, הימעל און ערד — זענען מיט אַ בלאַסליכע פערטראַכטקייט פערצויגען!

ערגעץ פון גאַנץ ווייט האָבען זיך צוויי ווייסע וועגען געצויגען, און וואָס ווייטער זענען זיי פאַרלאָפען אין אַ שאַרפע שמאָלקייט, ביז זיי זעהען, דוכט זיך, צו די הימלען צוגעקומען; אַ פייערעל האָט ערגעץ אין דער ווייט געשמינקעלט, און אין דער בלאַסער נאַכט האָט ער אויסגעוויזען ווי אַ ברענענדער פונק אין דער לופטען — און שאַ, שטיל! די גאַנצע נאַטור איז פערזונקען אין אַ וואונ־דערליכען טרוים...

אַ מענשליכע פיגור האָט זיך פּלוצלונג אויף איינעם פון די וועגען באַוויזען געהענדיג אהין צום אָרט וואו דאס פייערעל האָט געברענט. ער איז געגאַנגען מיט שנעלע, זיכערע טריט און זיין שטאַרקער, יונגער קערפּער האָט אַ שאָטען איבער דעם שנעע־ווייסען וועג געוואָרפען, ווערענדיג אַמאָל גרעסער און אַמאָל קלענער. דער ווייכער שנעע האָט אונטער זיינע טריט קיין קלאַנג ניט גע־לאָזען... און די נאַכטליכע בלאַסע שטילקייט איז ניט געשטערט

געוואָרען. רוהיג, שטיל, האָט ער זיך ווי געגליטשט איבער דעם שנעע־ווייסען וועג, זיינע אויגען געריכטעט אהין וואו דאס פייערל האָט געברענט, און וואָס נעהענטער ער איז געקומען, זענען זיינע טריט לאַנגזאַמער און רוהיגער געוואָרען, ביז ער האָט זיך אָפּגע־שטעלט, האָט געוואָרפען אַ בליק ארום און אַרום, און פּלוצלונג האָט אַ שאַרפער פייף די שטילע נאכט צוטרייסעלט און האָט זיך צוטראָגען אין דער קיהלער לופט איבער בארג און טהאָל, ארויס־רופענדיג אַ ווידער־קלאַנג פון ארום און אַרום; נור באלד איז ווידער שטיל געוואָרען, נאָך שטילער ווי בעפאָר, אַט אזוי ווי דער קלונג פון אַ גלאָק, וועלכער ווערט ביסלעך־ווייז פארשטאָרבען אין דער לופטען... דער שאָטען פון דעם מענשען האָט זיך לאַנג אויס־געצויגען איבער דעם ברייט פון וועג און איז אַ האַלבער ערגעץ אראָפּגעפאַלען אין דער זייט און איז געבליבען אונבעוועגליך...

אין הייזעל וואו דאס פייערל האָט געברענט האָט זיך אַ פענסטער געעפענט און אַ פרויען קאָפּ האָט זיך באוויזען; איהרע פעך־שוואַרצע האָר האָבען זיך ווי מיט דער בלאַסקייט פון דער לבנה געררייצט, און האָבען געגלאַנצט געגען איהרע בלאַסע שטראה־לען... זי האָט אַ וואָרף געטהון אַ בליק ארום און אַרום, און ווען זי האָט איהם פון ווייטען דערזעהן, האָט זי אויפגעהויבען איהרע אויגען אין דער הויך און האָט זיי לאַנגזאַם, ווי פארשעמט, צוריק ארונטער־געלאָזען — — צוויי שטערען זענען ארונטער געפאַלען, און עס האָט אויסגעוויזען ווי זי וואָלט זיי מיט איהרע בליקען צו זיך ארונטער געצויגען. — —

דער פרויען קאָפּ איז פערשוואונדען און דאס פענסטער האָט זיך שטיל צוגעמאכט, און גליך האָט זיך דער האַלבער שאָטען פון דער מענשליבער פיגור גענומען באַוועגען. מיט שנעלע טריט האָט ער זיך צום הייזעל געלאָזען, און באַלד איז ער אין שאָטען פון הייזעל פערשוואונדען; אַ טיהר האָט זיך געעפענט לאַנגזאַם מיט אַ הייזעריגען סקריפּ, און זיך באַלד ווידער צוגעמאכט ווי עפּעס מיט שרעקעדיגע שטילקייט, ארויסלאָזענדיג איינגעהאַלטענע, ווי עפּעס אָבגעהאַקטע, קרעכצען, און שטיל! ווידער איז אלעס ווי אין אַ שטילען טרוים פערזונקען — — דאס פייערל פון הייזעל האָט זיך אויסגעלאָשען — — — אין דאס הייזעל איז אין שאָטען פער־שוואונדען. — — — די לבנה און שטערען, בוימער, בערג און טהאָלען האָבען זיך ווי צוגערוקט איינע צו די אַנדערע און האָבען זיך ווי איינגעהערט צום שטילען סוד, וואָס אין הייזעל איז פאַר־געקומען. — — —

סט. נאָרוואלק, קאָנג. יהושע עפּשטיין.

# איינזאַמקייט

אַך, דער רעגען! — האָט איינער איבערגעריסען די טריב־פער'חלום'טע שטילקייט, אין וועלכער זיי זענען אלע געוועזן פער־זונקען. — עפּעס אַן אונגעוועהנליכער כח ליגט אין דעם הערבסט־רעגען! אין הערבסט האָט דער רעגען גאָר אַן אַנדער מין קלאַנג ביים פאלען.

— אַ גאַנץ אַנדערען קלאַנג, — האָט מסכים געווען דער צווייטער, — ער איז ווי אַ טרייסטלאָזעס געוויין... ער טרייבט אויף אונז אַן אַ מין בענקעניש, עלענדקייט, איינזאַמקייט — — — — איינזאַמקייט — —

עס האָבען זיך אויסגעצויגען עטליכע לאַנגע שווערע מינוטען. נור די טראָפּען רעגען האָבען איינטעניג געקלאַפּט איבער די שויבען.

— די איינזאַמקייט, — האָט ווידער איינער אָנגעפאַנגען מיט אַ פערקוועטשטען קול, — עס זענען דאָ פערשיעדענע מינים איינ־זאַמקייט... איך דערמאָהן מיך איצט אין אַ עפּיזאָד פון מיין לע־בען, ווען איך האָב די איינזאַמקייט געשפּיערט. דאס איז געווען אין אַ פערוואָרפענעם קליינעם שטעדטעלע. ווייסט איהר, וואָס עס הייסט ביי אַ גרויסשטעדטיגען, פערוואָרפען צו ווערען אין אַ קליין שטעדטעל? עס איז גאָר ניטאָ קיין גרעסערער אומעט! הויכע, פינסטערע בערג האָבען דאס פון אלע זייטען ארומגערינגעלט. דער הימעל האָט דאָרט, דוכט זיך, שטענדיג נידריג איבער דער ערד געהאַנגען און צוגעדריקט אלעס, די שטאָד מיט די מענשען צוזאַמען.

איין טאָג בין איך ווי אַ דערשלאָגענער, מיעד פון מיין אר־בייט געקומען. איך האָב מיך געפיהלט עפּעס עלענד און פערלאָזען. איך בין אין מיין צימער אריינגעלאָפען, ווי איינער, וואָס זוכט זיך פון עפּעס אונטערטרעגליכעס צו רעטען. אָבער אין צימער איז אויך ניט בעסער געווען. שטונדען לאַנג בין איך ביים אויווען געשטאַנען, אין וועלכען דאס פייער האָט בשום אופן ניט געוואָלט ברענען... מיר האָט זיך אויסגעדוכט, ווי עפּעס אַ געשפּענסט האָט זיך אוועק־געזעצט נעבען מיר און מיר טיעף אין די אויגען אריינגעקוקט. דאס איז די איינזאַמקייט געווען... אָ, ניט אומזיסט איז די איינ־זאַמקייט פערעכענט אלס איינע פון די גרעסטע שטראָף! זי ברייננגט מענשען פון זינען אראָפּ, זי מאַכט משוגע...

איך בין פון צימער ארויס. ס'איז געװען נאכט... װי בײזע אויגען האָבען מיך אָנגעקוקט די אײנגעצװיגענע פײערלעך דורך די עטליכע פערשטויבטע פענסטערלעך, פון בײדע זײטען גאַס. אינעװעניג אין זײ איז שוין אלעס געשלאָפען... פון הינטער די בערג האָבען זיך געהערט אָבגעריסענע, פערטויבטע קלאַנגען און מיר האָט זיך געדוכט, אז דאס האָט זיך די אײנזאַמקײט אויף א קול געקלאָגט פאר אײמעצען אין דער שפּעטער נאכט ארײן...

איך האָב געגאַארט נאָך א לעבעדיגען מענשען, נאָך א לעבעדיגען קול צו הערען, פון דער פערשאָלטענער אײנזאַמקײט פּטור צו װער־רען, אָבער — קײנער איז ניט געקומען... איך בין ביז'ן אנדערען עק שטאָדט געלאָפען. דאס רוב הײזער זענען געװען פינסטער, נור דורך אײן פענסטער האָט זיך נאָך פײער געלויכטען. דאָרט האָט געװאָהנט דער שטעטעלשער דאָקטאָר און בײ איהם האָבען חברה אין קאָרטען געשפּיעלט... איך האָב מײן פּנים צו דער שויב צוגע־דריקט... איך האָב געזעהן זײערע צוברענטע פּנים'ער און בליטצענ־דיגע אויגען... איך האָב געהערט זײערע אָבגעריסענע קולות און קללות און די קללות האָבען מיר, װי זיסע מוזיק געקלונגען... איך האָב מיר געװאונשען — אײנער פון זײ צו זײן...

— ס'איז אמת, דו ביזט אײנזאם געװען, — האָט זיך א צװײ־טער אָנגערופען, — אָבער נאָך שװערער, נאָך שרעקליכער איז יענע אײנזאַמקײט, װען מיר געפינען זיך דוקא אין דער גרויסער, קאָ־כענדיגער פּרעמדער שטאָדט... די קאַלטע פרעמדע פּנים'ער, די אײלע־ניש, מיט װעלכער אײנער לויפט פערבײ דעם אנדערען, די פער־גליװערטע גלײכגילטיגקײט אין בליק, װען אײן אויג בעגעגענט זיך צופעליג מיט א צװײטענס אויג, כמעט ביז שנאה גלײכגילטיג; דיר דוכט זיך, אלע מענשען זענען דײנע געפּעהרליכסטע שונאים, װאָס װילען דיך מיט זײער גלײכגילטיגקײט און גרויזאַמקײט אומברײנ־גען... װער שמועסט, װען עס געפאלט נאָך אזא מין הערבסט־אבענד... אלעס איז חושך... די פײערלעך שװימען ארום און ציטערען אין נעבעל, װי טריבע, רויט־געלע פלעקען, דאַן פערליערט דער מענש זײן לעצטע ביסעל טרײסט, אז עס זענען דאָ ערגעץ ליעבע מענשען, װאָס זענען איהם נאָהענט און טהײער...די אײנזאַמקײט בעהערשט אונז דעמאָלט אזוי שטארק, אז אונז הערט זיך שוין גאָר אויף צו גלויבען, אז מיר װעלען אמאָל נאָך בכוח זײן פון איהר זיך אַרויס־צורײסען...

— יעדענפאלס לעבט אין דיר אַן עראינערונג, אז דו האָסט נאָך א הײם, װאָס װאַרט ערגעץ אויף דיר, — האָט דער דריטער װעה־מוטיג און ביטער געזאָגט, — איך האָב מיך אויך אמאָל אײנזאם

אין דער גרויסער וועלט געפיהלט, ווייט־ווייט פון מיין געבורטס־שטאָד... דאס הארץ האָט מיך תמיד אהיים געצויגען... געבענקט האָב איך נאָך איהר היילינע פער׳חלום׳טע שטילקייט, נאָך מיינע אלטענקע פאָטער און מוטער, נאָך זייערע פשוטע מידות און פער־צייטיגע מנהגים, נאָך מיינע קליינענקע ברידערלעך און שוועסטער־לעך... אָ, ווי זיס איז מיר אין דער פרעמד די עראינערונג אָן דעם אלעס געוועזן!

און עס איז אַ צייט געקומען, ווען איך בין ווידער אין דער היים געוועזן — אָבער אלעס איז שוין דאָרט געוועזן אנדערש... עס האָט מיך געשווינדערט... מיינע עלטערען זענען מיר ליעב און טהייער געוועזן, איך האָב אָבער מעהר זייער לשון ניט פערשטאַנען און זיי האָבען מיין לשון ניט פערשטאַנען... מיינע ברידערלעך און שוועס־טערלעך זענען שוין ערוואקסענע מענשען געוועזן און זיי זענען מיר עפּעס, ווי פרעמד פאָרגעקומען, און זיי האָבען אויף מיר, ווי אויף אַ ווילדען געקוקט, און דעמאָלט האָב איך ערפאהרען, אַז עס איז נאָך אַ פיעל טרויריגערע איינזאמקייט פאַראַן, ווי יענע אין דער פרעמד — —

דער רעגען האָט גערוישט. דער לעצטער האָט געטראַכט און געשוויגען.

— און דו? — האָבען איהם זיינע חברים געפרעגט, — דו קענסט גאָר ניט דאס געפיהל פון איינזאמקייט?

— אויב איך קען דאס? — האָט דער פיערטער געענטפערט מיט אַ אומעטיגען קול, — איך קען אלע אייערע איינזאמקייטען און אויסער זיי — נאָך איינע...

— איך האָב אַמאָל ליעב געהאַט... וואָס איז דען ליעבע, ווען ניט אַ וועג פון דער איינזאמקייט צו אנטלויפען? דיעזע פערשאָל־טענע איינזאמקייט, וואָס פערפאָלגט אונז אויף שריט און טריט!... איך האָב ליעב געהאַט און מיר האָבען זיך איינער דעם אנדערען געשענקט דאס, וואָס צוויי ליעבענדע מענשען קענען זיך נור שענ־קען; מיר האָבען זיך פערשטאַנען, ווי צוויי יונגע מענשען קענען זיך נור פערשטעהן; מיר האָבען זיך געפרעהט, וואָס מיר זענען איינער דעם אנדערען אַזוי קלאָר, אַזוי אָפענהערציג געוועזן, אַזוי איינפערשטאַנדען אין אונזערע האָפנונגען, שטרעבען און ערוואר־טונגען...

אין איין נאַכט — — מיר זענען הארץ צו הארץ געלעגען... איבער די שויבען פון די פענסטער האָט שטיל דער רעגען געקלאַפּט, און מיך האָט בעפאַלען אַן אומעט... איך האָב פּלוצלונג דערפיהלט, אַז מיר זענען איינער דעם אנדערען פרעמדע געוועזן... קיין איין

אוינענבליק האָבען מיר זיך ניט אָנגעהויבען צו פערשטעהן... אַ, ווי איינזאם איך האָב מיך דערפיהלט!... איינזאמער, ווי שטענדיג.
און דאָך האָבען מיר אונז ליידענשאַפטליך געקושט...
מיט איינמאָל האָט זי, אָנגעשפּאַרט אויף מיין אָרעם, אָנגעהויבען צו וויינען... שטיל, אָבער אַזוי טרייסטלאָז־ביטער... זי האָט זיך גאָר ניט שטילען געקענט... פּונקט ווי דיעזער רעגען, וואָס קלאַפּט און קלאַפּט איבער די שויבען און זאָגט אונז די פינסטערע בשורה אָן, אַז ווינטער קומט...
איך האָב געזעהן, אַז אויך זי האָט איינגעפונען, אַז מיר האָבען זיך ניט פערשטאַנען...
דאס איז דאס טרויעריגסטע פון אַלעם — דאס געפיהל פון איינזאמקייט אין די אָרעמס פון דער ליעבע... דעמאָלט זעהט מען ערשט, אַז קיין אָרט, קיין אָרט אויף דער גאַנצער וועלט איז ניט פאַראַן, וואוהין פון דער איינזאמקייט צו אַנטלויפען... דער מענש איז בעשאַפען צו זיין איינזאם...

ניו יאָרק. ש. אַדלער.



# י. באַוושאָווער

(עטיוד).

אַ מאָדנע הולאַת איז פאַראַן אויף דער וועלט. ביי די ווייבער און עלטערע מענשען, דערהויפּט מענשען געזעצטע, אויסגעניכטערטע פון די יוגענד־חלומות, הייסט זי מיט'ן פּראָסטען וואָרט „פּאַנסקאַ בוואָראָבאַ". די טייטשען האָבען איהר אַ נאָמען געגעבען „וועלט־שמערץ", „וועלט־וועה". און דעם אמת געזאָגט, הגם די דיאַגנאָזע פון די ווייבער און די געזעצטע מענשען איז אַ ביסעל אַ שטאָך די אָרימע הולאים נעביך, פון דעסטוועגען איז זי אפשר גראָד אַזוי ריכטיג, ווי די טייטשעשע.
מען דאַרף אָבער ניט מיינען, אַז פון דער דאָזיגער חולאת ווערען געפּלאָגט נאָר יחידי סגולה, די וואָס טראָגען אויפ'ן שטערן עפּיס אַ בעזונדערען צייכען. הלילה. אין אַ געוויסען עלטער, בשעת דער מת איז נור וואָס ארויסגעקראָכען פון די פאַנטאַסטיש־פערנעפּעלטע קינדערשע וויקעלעך, און נעמט זיך אָנשטויסען כסדר אויף די

היפכים פון לעבען, און אויף די היפכים געפינט ער קיין ענטפער ניט, — אָט אין דעם עלטער לעבט איבער די מיאוס'ע קראנקהייט כמעט יעדעס הערצעל, וואָס ווייס נאָך ניט פון מאכען א פשרה. און געבענטשט זענען יענע, וואָס וויקלען זיך ארויס פון איהר, ווי פון פּאָקען און פון מאָזלען אָהן איין ראַץ אויף דער נשמה. זיי וועלען אין דער צייט חתונה האָבען, און רוהיג אויסלעבען די יאָהרען, און מיט א גאַנץ קלאָרען געוויסען (אפילו ביי וידוי זאָגען) זיך אריבער־פעקלען אויף די אמת'ע וועלט.

ווי די מעשה איז, קומען אָב ניט אלע אזוי לייכט. א פּולע בלייבען מיט א סימן אין הארצען אויפ'ן גאנצען לעבען. איין טייל פון די „געצייכענטע", ווען די ארומיגע סביבה זאָל זיין גינסטיג פאר אקטיווע ארבייט, ווארפט זיך אריין אין א שטרייט מיט די בייזע רוחות פון דער וועלט. קעמפּפער פאר פרייהייט ווערען זיי, קעמפּ־פער פאר אמת און פאר יושר. ווען די סביבה איז אָבער אזא, דאס זי בינד הענד און פיס, און דער מענש גופא האָט ניט אין זיך די שטאַרקייט פון ווילען בייצוקומען די שטערעניסען, געהט ער אוועק מיט'ן גלייכען וועג צום „האמלעטיזם". ניט זיך קען ער העלפען, ניט אנדערע, און מעהר ניט וואָס ער זיצט און קלאָגט אויפ'ן חורבן. מאָמענטענווייז פלאַמט אויף זיין פאַנטאזיע, און עס דוכט זיך איהם, אז ער איז א מין שמשון הגבור. אָט טהוט ער זיך א ריס פון אָרט, ברעכט די קייטען און נעמט איין די צוויושעטע שונאים. ער שטעלט זיך טאַקי אנידער אויף די פיס, אָבער שוין נאָכ'ן צווייטען — דריטען טראָט מוז ער זיך אומקערען צו זיין פריערינען אָרט. וואָס פאר א שטרייטער איז ער, אימשטיינס גע־זאָגט, אַז איין פליעג קען איהם אומווארפען מיט אלע זיינע טיעפע און שווערע געדאנקען. . .

אָט אונגעפעהר אזא מין האמלעט איז י. באָוושאָווער, דער יודישער דיכטער פון „וועלט־שמערץ".

וועגען דער סביבה, וואו ער האָט געלעבט און געשאפען, איז דאָך א סך ניטאָ וואָס צו רעדען. ביי גרעסערע אָדלער פון איהם, ביי אמת'ע העלדען, האָט די דאָזיגע סביבה די פליגלען אראָבגעהאקט. און די אונגעוויינליך שארפע כאָציאלע היפכים, וואָס דער דיכטער האָט געפונען אין אמעריקא, האָבען איין מאָל פאר אלע מאָל צוגע־דריקט זיין קאמפּף־לוסטיגען גייסט, און פון דעם געפיהל פון שווער־קייט קען ער זיך שוין מעהר ניט בעפרייען. וואו ער טהוט זיך ניט א קעהר, זעהט ער פאר די אויגען משונה'דיג־ריעזיגע און משופּע'דינע בערג, —אָהן א סוף זענען זיי, — און ניט פאר זיינע שוואכע כחות אַנצוגורטען די לענדער און ארויפצוטרעטען אין אָן אָפּענעם, מוטי־

גען קאמפף און צו האָבען אין זיך ביי דערביי די זיכערקייט פון א נצחון.

פערגלייכט אדרבא דעם דיכטער'ס ליעדער, וואו ער בעקלאָגט זיך אויף די אונגערעכטיגקייט פון דער וועלט, מיט יענע פון זיינע ליעדער, וואָס רופען צום קאמפף און שילדערן דעם קאמפף. און איהר וועט באלד דערפיהלען, אז פאר די ליידען פון די מאסען, וועלכע

....זינקען אין טייכען פון טרערען
און שלאָפען בעדעקט פון טומאן
און קענען דעם רוף פון'ם צייט־ווינד ניט הערען
צו ברעכען די שיף פון טיראַן, —

אז דאָ געפינט ער קלאָרע און שטארקע ווערטער, און די בילדער, וואָס ער מאָלט, זענען פאסענד און ניט איבעריגס מגוזם'דיג.

אַן ערגערער פיעל נאָך ווי דו (פראָסט) אין דיין צאָרען.
זיי (די מאסען) ליידען אָהן שיעור פון אַן אייביגען ווינטער,
מאמאָן איז זיין נאָמען, ער קוועלט זיי, ברייננגט אונטער!
דורך איהם, ניט דורך דיר, ווערען מענשען פערפראָרען,
זיי פאלען אין גאס, ווי די מוקען, די פליגען,
זיי ווערען צו מערדער, צו רויבער פערדאָרבען,
פער'משפט צו גאלגאַן, אין קערקער צו ליגען —
זיי זענען נאָך נאריש און פאלען אלס קרבן...

(דער פראָסט).

זינגט ער אָבער פון קאמפף און קעמפפער, זעהט איהר באלד ווי ער פערליערט דעם פעסטען באָדען אונטער זיינע פיס. א מין וואָלקען ליגט אויסגעצויגען אויף דער מייסטענס געקינצעלטער בלומען־שפראך, און פון די צונויפגענומענע ווערטער טרעט ניט ארויס פאר די אויגען קיין שום בעשטימטעס בילד. קאָנטיג, אז דער בעגריף פון קאמפף איז ניט ביי איהם א דייטליכע רעאלע זאך, וואָס זאָל זיין ענג פערבונדען מיט דער ווירקליכקייט. און די קעמפפער זיינע דערמאָנען אייך על פי רוב מעהר ראָמאנטישע העלדען, ווי מענשען פון בלוט און פלייש, די פיאָנערען פון א בעסערער געזעלשאפטליכער אָרדנונג.

פון זיך גופא אלס אקטיווער טיילנעמער אין דעם קאמפף פאר פרייהייט רעד ער גאָר ווייניג. ער, דער ה א מ ל ע ט, פערשטעהט צו גוט, אז דאס שלאכטפעלד איז ניט פאר איהם, ניט פאר זיינע כחות. געבראָכען איז ער פיזיש און גייסטיג, און אפילו דעם מוטה האָט ער שוין אויך ניט מעהר. געבליבען איז נאָר די קאמפף־לוסטיגקייט, און ביי איהר פייער ווארעמט ער דאס די קאלטע ביינער.

עס איז מערקווירדיג, ווי ווייניג ער האלט פון דער מאסע און פון איהר פייהיגקייט זיך אויסצוקעמפפען א ליכטיגע צוקונפט.

דאס פאָלק איז נאָך נאַריש,
פערקריפעלט און קראַנק, —

זאָגט ער אין די „הערבסט־בלומען“, און אָט דער געדאַנק ציהט זיך ווי א רויטער פאָדים דורך באָוושאָווער׳ס גאַנגצעם שאַפען. די מאסע געהט ביי איהם קיין מאָל ניט ארויס אין פעסט געשלאָסענע רייהען זיך אָבצורעכענען מיט׳ן שונא. זי האָט גאָר דערצו קיין שכל ניט, און גאַנץ געדולדיג טראָגט זי אריבער

„די שענדליכע קייט, דעם טיראַנישען יאָך“...

אמת, ער האָפט, אז סוף כל סוף וועט קומען די צייט, און די מאַסע וועט

. . . בעזיגען איהר בלוטיגען פיינד,
ניט זיין מעהר אין קייטען געבונדען,
נור גענצליך פון פרייהייט בעקרענצט און בעשיינט!

אָבער דאס איז אליז אין דער ווייטער, ווייטער צוקונפט, ווען די מענשען וועלען זיין אַנדערע, און די אומשטענדען אַנדערע, און גאָט אין הימעל אַנאַנדערער.

א כאַראַקטעריסטישער האמלעט־שטריך איז דער נישט־גלויבען אין די כחות פון פאָלק, אין זיין געזונטען פערשטאַנד, אין זיין גרעסערען אָדער קלענערען זעלבסטבעוואוסטזיין און דערהויפט אין זיין אייגענעם קאמפף־לוסטיגען גייסט, פון קיינעם ניט אונטערגע־טריבען. די דערשלאָגענהייט אין זיך, וואָס לאָזט ניט אָב אויף א רגע און צווינגט צו זיצען אויף איין אָרט און „שווימען אין טרערען א טייך“, — טראָגט דער דיכטער אריבער אויך אויף דער מאסע. אָבגעריסען פון לעבען איז ער דאָך, — פון וואַנען־זשע זאָל ער אין דער אמת׳ען קענען

די ליידענדע ברידער, וואָס יאָמערן שטיל,
וואָס לעבען אין עלענד, אין אייביגען שטרעבען?

און ער קען זיי טאַקי ניט, און „האמלעטיזירט“ אויף זייער חשבון נעביך...

באָוושאָוועער איז א דיכטער, א בעגאַבטער דיכטער, און א שאַד איז נאַר, וואָס די פערפלוכטע אומשטענדען האָבען גע־מאַכט אַזאַ גיכען סוף אי פון איהם און אי פון דעם געטליכען פונק, וואָס ער האָט געבראַכט דער וועלט א מתנה.

ניו יאָרק ה. אלעקסאַנדראָוו.



# דער גרויסער מת

(טעהאטער ארטיקעל.)

פאר אונז ליעגט א גרויסער מת — דאס יודישע טהעאטער.

קרוב פון פינף און צוואנציג יאהר האט געדויערט זיין שווערע אגאניע, זיין צאפלען זיך צווישען לעבען און טויד, ביז די נשמה איז איהם אויסגעגאנגען.

און די גלעקער קלינגען ניט, און די „נשמה־ליכט" ברענען ניט און מען הערט ניט דעם קול פון די מקוננים.

פינף און צוואנציג יאהר האט געדויערט זיין „ערדענוואללונג". אין דעם משך פון דער דאזיגער צייט, האט ער דורכגעלעבט פער־שיעדענע פעריאדען. מיר האבען איהם געזעהן געהענדיג מיט זיינע אונזיכערע, שוואכע, קינדערשע פיסלאך, שפייטער האבען מיר אין איהם בעוואונדערט זיין אינטענסיווע יוגענד־קראפט און מיר האבען געגלויבט, אז פון דעם דאזיגען יונגען בחור וועט זיך ענטוויקלען א ריעז, און נאך שפייטער האבען מיר איהם געזעהן וואקלענדיג און וואנקענדיג ווי א הונדערט־יאהריגער גרייז.

עפעס גאר פלוצלונג איז אויף איהם אנגעפאלען די אלטקייט!

און אז מען פרעגט די בעלי־בתים פון טהעאטער, פון וואנען האט זיך מיט איינמאל גענומען אזא שרעקליכע מגפה, ענטפערען זיי אלע אין איין קול:

— מיר האבען נישט קיינע גוטע דראמאטורגען און מיר האבען נישט קיין אינטעליגענטעם פובליקום!

אנדערע פון זייווארפען ארויף די שולד אויף דער „אקטיארען־יוניאן".

— די פעראייניגטע אקטיארען צווינגען אונז זיי צו צאהלען אזעלכע הויכע פרייזען, וועלכע שטימען ניט מיט אונזערע איינאה־מען, און רואינירען דורך דעם דאס געשעפט!

אבער ווער עס איז נעהנטער בעקאנט מיט דעם וועזען פון יודי־שען טהעאטער, דער וועט אזעלכע פאלשע בעשולדיגונגען צוריק וויזען.

עס איז אַ בעוואוסטער פאַקט, אַז איידער די יוניאָן האָט זיך געגרינדעט, זענען די בעלי־בתים פון טהעאַטער גרויסע קבצנים געװען. קײנער פון זײ האָט נאָך דאַמאָלס ניט געהאַט קיינע אייגענע הייזער, קיינע ברילױאַנטען און קיינע דיקע באַנק־ביכלאַך. די דאָזיגע „גוטע זאַכען" האָבען זיי זיך ערוואָרבען דוקא נאָכדעם, ווי די יוניאָן האָט זיך געגרינדעט.

און וואָס עס איז שייך צו דער טענה, אַז דאָס יודישע טהעאַטער האָט ניט קיינע גוטע דראַמאַטורגען און קיין אינטעליגענטעס פובליקום, איז די דאָזיגע בעשולדיגונג נאָך פאַלשער.

קודם כל די דראַמאַטורגען.

ווען די בעלי־בתים פון טהעאַטער זאָלען דורכבלעטערען זייערע געשעפטס־ביכער, וועלען זיי זעהן, אַז די דראַמען פון יעקב גאָרדין, פון ז. ליבין, פון ל. קאָברין און פון אַנדערע, האָבען געגעבען, ווען ניט קיין גרעסערע, דאָך ניט קיינע קלענערע איינאַהמען פון די פּיעסען פון לאַטיינער, הורוויץ עט טוטטי קוואַנטי. די פּיעסען פון יעקב גאָרדין, ליבין און קאָברין, האָבען נאָך דעם פאָרצוג, וואָס זייער אויסשטאַטונג קאָסט זעהר ביליג. מען דאַרף צו זיי נישט האָבען קיינע גאָלדענע קרוינען, קיינע בגדי־מלוכה פאַר פּרינצעסינען, קיינע כלי־זיין, קיווערס און פאַנצערס פאַר רוימישע און האָטענטאָטישע „גבורים", ווי דאָס איז דער פאַל ביי די פּיעסען פון לאַטיינער און הורוויץ. נאָך איינס: ווי טהייער עס זאָלען ניט קאָסטען די פּיעסען פון גאָרדין, ליבין און קאָברין, קאָסטען זיי נאָך אַלץ ביליגער פון די פּיעסען פון לאַטיינער און הורוויץ. די ערשטע פלעגען נאָר איינמאָל בעקומען אַ גרעסערען אָדער אַ קלענערען פּרייז און די לעצטע פלעגען בעקומען גוטע וויידזשעס (שכירות) דעם גאַנצען טהעאַטער־סיזאָן פאַר איינע אָדער צוויי פּיעסען.

די טענה, אַז עס איז נישטאָ קיין אינטעליגענטעס פובליקום, איז אויך פאַלש.

ערשטענס, אַז גאָרדינ׳ס, ליבינ׳ס און קאָברינ׳ס פּיעסען האָבען געגעבען רייכע איינאַהמען, איז אַ קלאָרער בעווייז, אַז עס עקסיסטירט יאָ אַן אינטעליגענטעס פובליקום, און צווייטענס, האָט די איינוואַנדערונג פון די לעצטע יאָהרען געבראַכט צום גרעסטען טייל נור די אינטעליגענטערע יודישע מאַסען פון רוסלאַנד, גאַליציען און רומעניען, יענע יודישע מאַסען, וואָס שעטצען מעהר דראַמאַטישע קונסט און האָבען אַ פיינערען זינן פאַר טאַלאַנט.

בלייבט די פראַגע: פאַר וואָס איז דאָס יודישע טהעאַטער געשטאָרבען?

אויף דעם זענען דאָ אַ סך תירוצים און דער הויפּט־תירוץ איז: די יודישע דראַמאַטורגען (די גוטע, נאַטירליך!) האָבען מיט דער צייט פּראָגרעסירט, אויך דאָס פּובליקום האָט זיך אין דעם משך פון די פינף און צוואַנציג יאָהר מעהר ענטוויקעלט, נור די אַקטיאָרען זענען פּערגליווערט געוואָרען אויף איין פּונקט און קענען ווייטער נישט געהן. וואָס זיי זענען געווען אמאָל, זענען זיי נאָך היינט. זייער טאַ־לאַנט, זייער קענען און זייער געשמאַק האָט זיך ניט ענטוויקעלט. זיי האָבען אָנגעהויבען זייער קינסטלערישע קאַריערע מיט „שמענדריק“ און „קוני־לעמעל“ און האָבען געענדיגט מיט דאָס „אידישע האַרץ“, מיט די „אידישע נשמה“, מיט דעם „ישיבה־בחור“, מיט „אַ מענש זאָלסטו זיין“ און דערגלייכען. ווען די אַקטיאָרען (מיר מיינען די „סטאַרס“) וואָלטען זיך אויך אַזוי גוט ענטוויקעלט ווי די פּערפאַסער און ווי דאָס פּובליקום, וואָלט דאָס יודישע טהעאַטער היינט געשטאַ־נען אין זיין רעכטע בליהונגס־צייט און וואָלט ניט געהאַט קיין כרת־יאָהרען.

אַ חוץ דעם, דער נאַרישער שטאָלץ, די קראַנקהאַפטע איינ־בילדונג פון אונזערע „סטאַרס“. מענשען, וואָס זענען אויסגעהאָדע־וועט געוואָרען אויף לאַטיינערס, הורוויצעס און שייקעוויטשעס פּיעסען, מענשען, וואָס האָבען ניט נור קיין דראַ־מאַטישע שולע ניט בעזוכט, אַפּילו אַ רעכטען מלמד האָבען זיי ניט געהאַט, מענשען, וואָס קענען ניט אונטערשיידען פון זאָלאָטאַ־רעווסקין ביז שעקספּירען און פון אַנשיל שאָר ביז גער־האַרדט הויפּטמאַנ׳ען — נעמען זיך די חוצפּה אויפצוטרעטען אויף דער יודישער ביהנע אין „שיילאָק“, אין „האַמלעט“, אין די „פּערזונקענע גלאָקע“, אין די „היימאַטה“ און דערגלייכען, פּיעסען, אין וועלכע עס וואַגען ניט אויפצוטרעטען מיטעלמעסיגע קינסטלער ביי די אומות־העולם. וואָס איז דאָס רעזולטאַט פון אַזעלכע פאָר־שטעלונגען? דער איינפאַכער טהעאַטער־בעזוכער שלאָפט זיך אויס גאַנץ געשמאַק ביי זיי, און דער אינטעליגענטער טהעאַטער־בעזוכער, וואָס האָט אין די דאָזיגע פּיעסען געזעהן אמת׳ע קינסטלער, בעקומט פון זיי אַ פּענדיסיטיס, אָדער אַ נערוועזע דיספּעפּסיע און וויל אַ צווייטען מאָל אין טהעאַטער נישט קומען.

און נאָך אַ מין אונהיילבאַרע קראַנקהייט איז אָנגעשיקט גע־וואָרען אויף דאָס יודישע טהעאַטער — די „דראַמאַטורגאָמאַניע“, דער וואהנזין, וואָס איז אָנגעפאַלען אויף פּיעלע אינגאָראַנטען צו באַקען דראַמען אין קאַלטע אויוועגס. ווער עס קען אויפשרייבען מיט טויזענד גרייזען אַ „שלום־לאַהובי־בריוועל“ צו זיין זיידען, ווער עס איז ביכולת אָנצופּאַטשקען אַ ליעדעל צו אַ דיענסט־מיידעל, זיין

געליעבטע, און ווער עס קען קוים איבערלעזען דעם וועש־צעטיל פון דער לאנדרי — שרייבט דראמען פאר דעם יודישען טהעאטער, און די „סטארס" חאפען זיי אויף ווי מארציפאנעס. איז ניט גארדין, איז זאלאטארעווסקי אויך גוט, ליבין׳ס פלאטין פארנעמט אנשיל שאר, און קאברינס דראמאטישע מוזע האט ב. טהאָ־מאשעווסקי צוגענומען אויף פראקאט. הכל כותבין וכתיבתן כשרה!

דאס זענען די איינציגע אורזאכען, וואס האבען טויד געמאכט דאס יודישע טהעאטער פאר דער צייט. די „סטארס" האבען איהם דן געווען מיט סקילה, שרפה, הרג וחנק.

פאר אונז ליעגט א גרויסער מת — דאס יודישע טהעאטער!

וועט ער אויפשטעהן תחית־המתים?...

ניו יארק מ. זייפערט.

---

# איינזאַמע

די קינדער פון דעם היסטארישען נעכטען זענען זיי, וועלכע דער היינט האט פערראטען.

זיי האבען געשפונען די פארבענרייכע פעדים, וועלכע האבען געזאלט ווי א נעץ די גאנצע גרויסע סטעפע פון דער רוסישער ווירקליכקייט בעדעקען און זיי האבען זייער אייגען לעבען אין די פעדים אריינגעוועבט. די פעדים האבען זיך צוריסען און דאס לע־בען איז צושוואומען געווארען...

צוריסענע נשמות!

* * *

און ניט נור אין רוסלאנד קומט איצט פאר איינע פון די גרעסטע וועלט־טראגעדיעס אין דעם געמיטה פון א גאנצען פאלק, וועלכעס האט ערשט נעכטען אזוי אינטענסיוו־רעש׳יג געלעבט, און איז מיט א מאל אלט געווארען, זיך מיאש געווען און ארויסזאגענדיג דעם „הכל הבל", דעם גוט בעקאנטען „הבל־הבלים" פון די מיעדע און ענטוישטע פון אלע צייטען, זוכט ער איצט פערגעסענהייט און רוהע, א ווארעמעס ווינקעלע וואו צו דערשלעפען דעם רעשט פון זיין לעבען; דיזעלבע טראגעדיע, דעם זעלבען געמיטה־צושטאנד, לעבט אויך דא איצט איבער א גרויסער טייל פון די רוסיש־יודישע איינ־געוואנדערטע, וואס זענען אריבערגעקומען פאר די לעצטע פינף־זיעבען יאהר.

די „עקאנאמישע“ אדער בעסער די „פאליטישע נויטווענדיגקייט“ האט פיעל, זעהר פיעל פון דער רוסיש־יודישער יוגענד, די הויפט־בויער פון פאליטישער און נאציאנאלער ערוואכונג, אין מעבר לים פערטריבען.

און איז עס דען א וואונדער וואס דיזע רוסישע ערוואכונג איז זיי אזוי ליעב און טייער געבליבען אויך אין דעם פרעמדען לאנד.

און, ווירקליך, מיט די פיס אויף דעם אמעריקאנעם באדען, איז אבער זייער קאפ און הארץ תמיד אין רוסלאנד געווען.

און נאך מעהר, זיי האבען א ר י ב ע ר ג ע ט ר א ג ע ן אויף דעם אמעריקאנעם באדען ז י י ע ר רוסלאנד. און זיי האבען געלעבט אין איהר און זיי האבען געטרוימט אין איהר, אזוי ווי אין רוסלאנד.

און א רוסישע טהעטיגקייט האט פערפלייצט דעם קווארטאל, פונקט ווי אין רוסלאנד.

אמת, דיזע טהעטיגקייט איז מייסטענס געווען א וואכעדיגע, א גראשענדיגע, אבער זיי האבען שלום געמאכט מיט איהר, און איינשליסענדיג זיך אין איהר ענגע ד׳ אמות, האבען זיי דאך געהאט א געוויסע בעפריעדיגונג.

עס פלעגט אפילו צייטענווייז אויסקומען א ביסעל קאמיש צו זעהען ווי אינטעליגענטע און געפיהלפאלע מענשען קאכען זיך און האווענען, פערשווענדען זייער גאנצע ענערגיע און בעגייסטערונג אויף א „באלל“ אדער אויף אנאנדער מין אונטערנעהמונג, וואס קען אין בעסטען פאל אריינברייגנען ניט מעהר וויא א פאר דאלאר. עס איז אבער געווען ערקלערליך. קיין ברייטערע רוסישע טהעטיגקייט איז דא ניט געוועזן, האט ניט געקענט זיין, און, ווילענדיג־ניט־ווי־לענדיג, האבען זיי זיך געמוזט בעגנוגענען מיט קליינינקייטען.

* * *

איצט אבער, ווען די רוסישע בעוועגונג איז דא כמעט ווי פערשוואונדען און אן אייז־קאלטע גלייכגילטיגקייט האט פערנומען איהר פלאץ, אזוי גוט ווי אין רוסלאנד, און דער גרויסער יאוש האט זיך פערקליבען אין די הערצער אזוי גוט ווי אין רוסלאנד, איז פיליכט די לאגע פון דיזע „אבלים“, וואס זענען פערוואָרפען אין א פרעמדען לאנד, פיעל טראגישער איידער די לאגע פון די „יתומים“, וואס זיצען יעצט שבעה אין דעם פערשטארבענעם טאטען׳ס הויז...

דען דיזע פאר־דער־צייט אלט־געווארענע האבען דאך דארט, ביי זיך אין דער היים, וועלכע־ניט־איז אטמאספערע, וועלכע־ניט־איז געזעלשאפטליכקייט, און זייערע ליידענס־גענאסען דא, אין אמעריקא, האבען לחלוטין גאר־נישט. יא, גארנישט...

דען צופאסען זיך צו די נייע אומשטענדען, אקלימאטיזירען זיך און בעטייליגען זיך אין דעם היגען לעבען זענען זיי ניט בכוח. צו אלט און צו שוואך זענען זיי. צופיעל גאל, צופיעל יאוש, אום צו אנפאנגען בויען א נייע וועלט. בכלל אמעריקאניזירט זיך דער מאסע־מענש פיעל שנעלער און פונדאמענטאלער איידער דער אינטעליגענט, וואס האט אין זיך ארייננעזויגען די גאנצע רוסיש־יודישע קולטור. צו שטארק איז די אינדיווידואליטעט, וועלכע ער האט מיט זיך מיט־געבראכט, אום צו קענען זיך בויגען, אום צו קענען מיטשווימען מיט דעם אלגעמיינעם שטראם.

און רוסלאנד, זייער רוסלאנד, איז כמעט ווי טויד. אין דיזען אויגענבליק, וויניגסטענס. און אמעריקא? פרעמד איז זי זיי און אונפערשטענדליך. יא, און ניט צום הארצען.

* * *

און מענשען וואס האבען דעם פריהלינג פון זייער לעבען פער־בראכט אין אן אטמאספערע פון רוישענדער געזעלשאפטליכקייט און בעוועגונג בכלל איז געווארען זייער צווייטע טבע, זיי זענען איצט איינגעשפארט אין דער „טורמע“ פון זייער אייגענער איינזאמקייט.

און פערגעסענע, פערבארגען פון א פרעמדן אויג, זיצען זיי, נאך א שווערען טאג שאפ־ארבייט, אין זייערע איינזאמע ווינקלען און מאכען איצט זייער חשבון־הנפש.

זיי, וועלכע זענען פערוואגעלט געווארען אין א פרעמד לאנד, נאך דעם ווי זיי האבען אבגעגעבען זייערע בעסטע יאהרען דער רו־סישער בעוועגונג און פיעלע פון זיי זענען געוועזן איהרע פיהרער און וועג־ווייזער.

און סיי די וואס האבען ווירקליך געלעבט און סיי די וואס האבען זיך געלאזט לעבען, סיי די וואס האבען באמת געגלויבט און באמת געשטרעבט און סיי די וואס האבען זיך געלאזט גלויבען און געלאזט שטרעבען, סיי די אקטי־ווע פארקעמפפער און סיי די פאסיווע מיטלויפער און מיטטענצער — מאכען איצט זייער חשבון־הנפש.

נעכטען האבען זיי קיין צייט געהאט צו פערבלייבען אליין מיט זיך און ארייננקוקען אין די טיעפסטע־טיעפענישען פון זייער קדשי־קדשים.

היינט, אבער, איז די פערגאנגענהייט בלויז פערבליבען, און איהרע אלע איינצעלהייטען לעבען זיי איצט נאך א מאל איבער. אזוי איז שוין די טבע פון דער איינזאמער עלטער...

ניו יארק ס. ק. שנעעפאל.



# „קיבעציזם“ *

— דו לאכסט ? !
— אז אך און וועה איז צו דיין געלעכטער.
(פאלקס־שפריכוואָרט.)

פאַר אויסלאַכען האָבען זיי אלע מורא; וואָס מעהר שולדיג זיי פיהלען זיך — אַלץ מעהר מורא האָבען זיי. זיי קענען עס ניט פערטראָגען און האָבען זיי די מאַכט אין דער האַנד — דערשטיקען זיי עס דאָס געלעכטער.

נישט תמיד קענסט דו מיט'ן שווערד אין האַנד מלחמה פיהרען מיט'ן טיראַן — דאָס איינציגע מיטעל וואָס דו קענסט דענסטמאָל אָנווענדען, איז דער „קיבעץ“, דאָס אויסלאַכען, דאָס חוזק־מאַכען, דאָס אויסשפּעטען, דאָס אָפּלאַכען די שוואַכסטע זייטען פון דיין געגנער. און דאָס מיטעל איז שטאַרק, זעהר שטאַרק. די ווירקונג איז אַ מורא'דיגע.

זיי קענען ניט איבערטראָגען דאָס חוזק־געלעכטער און זיי פערביטען עס דיר.

זעהט: אין דער ערגסטער צענזור־ממשלה, אין דער צייט ווען דו מוזט יעדעס וואָרט וועגען און מעסטען איז דאָך מעגליך אַרויסצוגיבען ערנסטע צייטונגען, נאָך מעהר מייגליך צו דרוקען ערנסטע ביכער וועלכע גראָבען אונטער די טיראַנען־ממשלה: לאַכען אָבער, אַרויסגעבען סאַטירישע בלעטער, „קיביצערס“ וועט מען דיר ניט ערלויבען. איבערזעצ'ן אין רוסיש מאַרקס' „קאַפּיטאל“, נור „קיבעץ“ ניט! פערשפּרייט ענגעל'ס, אַפילו לאַסאַל'ס שריפטען, נור שפּעט

*) „קיבעציזם“ — דאס איז אַ ממזר־וואָרט: קיינער ווייסט ניט זיין אָבשטאַמונג. קלוגע מענשען האָבען דאס ערקלערען געפּרופט, איז אָבער זייער טרחה אומזיסט געווען. געברויכט ווערט דאס וואָרט אין אַ געוויסען טייל פון דער ניו יאָרקער גהעטאָ. „קיבעצען“, „ארויינקיבעצען“ הייסט אַזוי פיעל ווי: איינעם די יאָהרען דערגעהן, „אין די גרגרת ארייַנקריכען“. ארויסגעבערס האָבען דאס וואָרט אויפגעכאַפּט און זייערע וויץ־בלעטער „קיבעצערס“ אַ נאָמען געגעבען.

ניט — פאַר א קאַריקאטור וועט מען דיך אויסקשיקען ווי פעפער וואַקסט.

און מיין ניט, אז נור אין רוסלאַנד, האָבען זיי מורא פאַר דער קאַריקאַטור. אַט בעטראַכט פרייסען, דאָס קאָנסטיטוציאָנעלע פריי־סען: יאָהרען־לאַנג זענען זיי „אָפּגעזעסען״ אין די טורמעס די בע־ריהמטע קאַריקאַטוריסטען פון „סימפּליציזמוס״ און אנדערע „קי־בעץ״־בלעטער. —

וואָס דאַרפסטו מעהר? די אַמעריקאַנישע פּאָסט קאָנפיס־קירט א נומר „קיבעצער״ פאַר א „אונאַנשטענדיגע״ — לויט זייערע בעגריפען — טאַפּט־ברייען קאַריקאַטור. אונאַנשטענדיג! געוויס: די עפענטליכע פּראָסטיטוציאָן, גרעפט (שוחד) א. ד. ג. איז „אַנשטענ־דיג״ און ווייזען ווי טאַפּט־ברייען „פייפען״ אויפ׳ן פאָלק — איז „אונאַנשטענדיג״. —

אזוי איז עס אין אלע צייטען, אין אלע לענדער. מען וועט דיר טויזענד מאָל ערלויבען צו רעדען, שרייען, גוואַלדעווען אפילו — נור ניט אויסלאַכען. און דערפאַר טאַקע זעהען מיר, ווי נור די רוסישע רעוואָלוציאָנערען האָבען עטליכע טעג פרייע, אמת־פרייע בעקומען האָבען זיי זיך אזוי צעלאַכט, אז איבער גאַנץ רוסלאַנד האָט זייער געלעכטער, זייער חוזק־געלעכטער געהילכט! איין פרייהייטס־שטראַהל נור און דאָס רוסישע וויצבלאַט האָט בעהערשט די רוסישע וועלט. —

ניט לאַנג האָט די שמחה געדויערט, באַלד האָט מען מיט א שטריק, מיט א זעהר גראָבען שטריק איבער׳ן פרייען האַלז פערוואָר־פען און דאָס געלעכטער איז פערשטומט געוואָרען. צו הערט איהר דאָס חאָרכלען ניט? —

אָדער: ביסמאַרק, איהר ווייסט דאָך, האָט פיעלע שונאים געהאַט. מיט אלע, אויף פערשיעדענע אופנים זיך אָפּגערעכענט: דעם וויטץ־שונא, דעם קאַריקאַטוריסט האָט ער ניט בייקומען געקענט דען דער קאַריקאַטוריסט — גיט איהר איהם נור א פרייע האַנד — איז ער שטאַרקער פון „שטאָל און אייזען״. איז אָבער ביסמאַרק א קלוגער געווען, שטאַרקע נערווען געהאַט — און ווייסט איהר וואָס ער פלעגט טהון? ער האָט מיטגעלאַכט.

ווילהעלם אָבער, דער כלומרש׳ט שטאַרקער ווילהעלם מיט די ברייטע פּלייצעס, מיט דעם שיינעם שטאָלצען שנור־באַרד — ער, זעהט איהר, וועט אייך פאַר אייער וויטצלען זיך ביז צור גסיסה רודפ׳ן. וואָס שטאַרקער דער וויטץ, וואָס טיעפער די סאַטירע, וואָס אמת׳ר די קאַריקאַטור, אלס נעהענטער צו דער תליה זענט איהר אין ווילהעלם־לאַנד!

טאָ וואָס וואונדערט איהר אייך וואָס אונזערע גדולים, וואָס אונזערע „קיניגע", וואָס אונזערע „קעפּ" — קאָכען, זידען, שוימען פאַר דעם קלענסטען „קיבעץ" נור!

באַרעכענט: צעהנדליגע יאָהר האָבען זיי משה'ן געפיהרט ביי דער נאָז, צעהנדליגע יאָהר האָבען זיי דעם עולם אין פּנים געשפּיגען, נאַריש געשפּיגען, וויסענשאַפטליך געשפּיגען, צעהנדליגע יאָהר אויף דער קליאַטשעס געריטען און פון זיך געבלאָזען — און פּלוצלונג, מיר ניט, דיר ניט, קומען עפּיס יונגלעך, „ניט בעוואוסטע", מענשען וואָס זענען נאָך קיינע פיהרער געווען און „קיביצען" גאָר! איהר הערט: זיי, זיי די גדולים ווערן געקיבעצט! מען וואַגט זייערע שוואַכע זייטען דעם פּובליקום פּאַרצושטעלען! פון זיי, פון דיעזע מורא'דיגע וויסענשאַפּטס-מענער, חוזק'ט מען אָפּ!

אַך, די שקצים!

און זיי קריצען די ציינער און פון די הענד ווערען קולאַקעס און עס בלישטשען אויף די כמעט-שוין אויסגעלאָשענע אויגען און רויט צו שוואַרץ ווי זיי זענען, פעראייניגען זיי די „קרעפּטען" זייערע און מען געהט צוזאַמען מלחמה האַלטען.

מלחמה מיט די קיבעצער!

אָרימע נפשות! וואָלט האָטש אַ סיביר, אַ קאַטאָרגע אין זייער ממשלה געווען, וואָלטען זיי האָטש אַ שטריקעל איבער'ן האַלדז פער־ציעהען געקענט!

איז דאָך אָבער אַ פריי לאַנד אַמעריקא— „אַ קלאָג צו קאָלומ־בוסען!"

זענען זיי זיך נוקם אויף זייער שטייגער: דער וויל קיינע „קיבעצער"-אַדווערטייזמענטס (אַנאָנסען) דרוקען, אַנ'אַנדערער סטראַשעט מיט — תפיסה און יענער רייצט אָן בלעומ'ן: געה שעלט, די „קיביצערס", בעגראָב זיי, רייס פון זיי שטיקער, מאַך פון זיי אַש און בלאָטע!

דאַרפט איהר נאָך אַ גרעסערען „קיבעץ", אַ פּון זיך חוזק מאַכען, ווען בלעום עפענט זיין מויל: צו פערדיגען אַנשטענדיגקייט, פאַר־נעהמהייט און ציוויליזאַציאָן!

און די בעלי־ה„קיביצער" פרייען זיך; זיי זעהען בהוש: דער „קיבעץ" ווירקט! בלאַטערס, געשווירען, לאַנג־יעהריגע געשווירען פּלאַטצען, אַ שלעכטער ריח אפילו — אָבער ווי געזונד דאָס ווירקט!

ניו יאָרק דר. י. וואָרטסמאַנן.



# „די אינטערנאציאנאלע ביבליאטהעק"

(א קולטור יוערק.)

---

וואָלטען אונזערע בעריהמטע בר־מנן׳ם געקענט זעהען די רייכע לויות וואָס מיר גיבען זיי, וואָלט געוויס א צופריעדען שמייכעל זייערע טויד־ווייסע פנים׳ער בעדעקט. נאטירליך וואָלטען די לויה־געהער דיעזעס שמייכעלע ניט בעדארפט בעמערקען, זיי וואָלטען דערפון גרויס עגמות נפש געהאט: בעגראָבען איינעם פיין, מיט פּאַ־ראַד, מיט׳ן גרעסטען פערגניגען, אָבער די מעשים טובים פון א לעבעדיגען אנערקענען, דאָס פּאַסט ניט פאר אונז יודען.

אין די זאַמעלביכלעך „אמעריקא" (אויב זיי איז בעשעהרט לאַנ־גע יאָהרען) זאָלען די לעבעדיגע מענשען פאר זייערע גוטע טהאַטען אנערקענונג געפינען. ניט לויב־ליעדער וועלען מיר זיי זינגען, נור זייערע ווערק פאר׳ן כלל זאָלען ריכטיג אָבגעשעצט ווערן.

* * *

צווישען אלע אמעריקאַניש־יודישע פּאָבלישערם (ארויסגעבערס) פערדיענט געוויס אלעקסאנדער איוואלענקא דעם ערש־טען פּלאַץ. און ניט נור אין אמעריקא. בעטראַכט מען די ביכער, וועלכע א. איוואלענקא האָט ארויסגעגעבען, לויט זייער אינער־ליכען ווערטה, מוז מען זיינע אויסגאַבען פּארעכענען אלס די בעסטע פון אלע יודישע ארויסגעבערס.

„דער צוועק פון דער „אינטערנאַציאָנאלער ביבליאָטהעק" איז בעקאַנט צו מאכען דעם אידיש־לעזענדען פּובליקום מיט די חכמות פון די אומות העולם און ארויסצוגעבען בעלעהרענדע און אויפקלעהרענדע ווערק".

ערקלעהרט א. איוואלענקא אין זיין קאַטאַלאָג און דאָס מערקווירדיגע דערביי איז וואָס ער האָט מעהר געגעבען אלס פערשפּראָכען.

אזעלכע וויכטיע ווערק ווי די בעארבייטונגען פון פ י ל י פ ק ר א נ ץ: דריי בענדער „קולטור־געשיכטע“, „פראנצויזישע רעוואלוציאן“ און „אמעריקא פאר קאלומבוס“ און די אנדערע מעהר־ווענייגער וויכטיגע בעלעהרענדע אויסגאבען פון אנדערע יודישע ליטעראטען האבען אייגענטליך שוין דאס פערשפראכענע פראגראם צום טייל אויסגעפיהרט. די „א י נ ט ע ר נ א צ י א נ א ל ע“ ביבליאטהעק פון א. א י ו ו א ל ע נקא האט זיך אבער דערמיט ניט בעגניעגט און האט אונז געשאנקען וויכטיגע נאציאנאלע שעפפונגען ווי די ווערק פון ג א ר ד י ן, ל י ב י ן און פ י נ ס ק י, די דריי שיינע בענדער פון מאררים ראזענפעלד א פראכט־באנד פון י ה ו א ש און אנדערע ריין ליטעראַרישע אויסגאבען אין ווי מיר הערען וועט דערזעלבער פערלאג ארויסגעבען אכט בענדער פון י. ל. פ ר ץ און אנדערע וויכטיגע ווערק.

ביי דער ארימקייט פון דער יודישער ליטעראטור מוזען די אלע אויסגאבען בעטראכט ווערען אלס א אמת'ר אוצר. מיט זייער אויסערעם אויסזעהען קענען זיי זיך אויף פערגלייכען צו אנדערע ניט־יודישע אויסגאבען. מען זעהט, אז א. א י ו ו א ל ע נ ק א בעצוועקט ניט נור גוטע, נוצליכע ביכער, נור אויך ש י י נ ע ארויסצוגעבען, כדי דאס יודישע אויג וועלכעס איז פערוועהנט מיט „צאינה וראינה“־קונסט, זאל זיך צו געוועהנען צו זויבערקייט און שיינקייט.

א וויכטיגער פונקט זאל דא דערמאנט ווערן: א. א י ו ו א ל ע נ ק א, ניט נור וואס ער ב'גנב'ט ניט די יודישע ליטעראטען נור ער צאהלט זיי די ג ר ע ס ט ע פרייזען, ווי קיין אנדערער יודישער ארויסגעבער. אין א צייט ווען דאס עפענטליכע, אונבעשטראפטע בע־גזל'נ'ן יודישע ליטעראטען איז געווארען א בעשטענדיגער מנהג, דארף דער דערמאנטער פאקט בעזונדערס הויך געשעצט ווערן.

און מיר „אמעריקאנער“ מייגען שטאלץ זיין וואס גראדע אמעריקא וואו דאס יודישע קולטור־לעבען איז אזוי ארעם האט אזא וויכטיגעם קולטור־ווערק בעשאפען ווי די „אינטערנאציאנאלע ביבליאטהעק“.

ניו יארק איש אמת.